# דער יוד


DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.





קראקויא, טבת תרס"ב. נומר 50 Krakau, 12 December 1901.


## אינהאלט.



ה. תרס"ב ← וואכען-קאלענדער (לוח) → 1901

| די טעג פון — חודש | די טעג פון — וואך | גרודזיען-דעצעמבער | | נייער כ. — דעצ. | אלט. ס — דעק. |
|---|---|---|---|---|---|
| ה | זונטאג | | | 15 | 2 |
| ו' | מאנטאג | | | 16 | 3 |
| ז' | דינסטאג | | | 17 | 4 |
| ח' | מיטוואך | | | 18 | 5 |
| ט' | דאנערש. | | | 19 | 6 |
| י' | פרייטאג | | | 20 | 7 |
| י"א | שבת | פרשת ויגש | | 21 | 8 |

| טאג | יאהר | קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע. |
|---|---|---|
| ה | ה. תקצ"כ | געבורטס-טאג פון באראן מאריטץ הירש. |
| ז | ה. תרמ"ו | געשטארבען הר' מתתיהו שטראשון אין ווילנא. |
| ז | ד תתס"ט | „ דר' פילאזאף אב"ן רש"ר, רמבמ'ס רבי. |
| ח | ג. תרט"ו | איבערגעזעצט געווארען די תורה אין גריכיש. |
| [illegible] | ה. שט"ו | פערברענט עקדה"ש 80 אנוסים אין מעקסיקא. |
| ט | ד. תתכ"ו | געהרג'ט ר' יוסף ב"ר שמואל הנגיר און פיעל יודען אין גראנאדא אין שפאניען. |
| י | ג. של"ו | בעלאגערונג פון ירושלים דורך נבוכדנצר. |
| יא | ה. תכ"ט | פערטריבען די יודען פון עסטרייך. |
| [illegible] | ה. תרנ"א | געשטארבען דער געלעהרטער רש"י פין אין ווילנא. |

## צו אבאנירען:


אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין לאנדאן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין אמעריקא:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 Nachtrag VII.

III.. Jahrgang **DER JUDE.** Nr. 50

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
— פערלאג: חברת „אחיאסף". —

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאָהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאָהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאָהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעססע קאסט
20 קאפ.

קראָקויא, טבת תרס"ב. נומר 50. Krakau. 12 December 1901.

## וואס זאל טהון די יודישע קאלאניאלבאנק?

זייט איינינע וואָכען שווימט אָרום אויף דעם פלאַכען וואַסער פון דער יודישער פרעססע א נייע „פראגע" — וואַס זאָל איצט טהון די קאָלאָניאלבאַנק? און נאָר אויף דעם אלטען שטייגער האָט מען זיך אָנגעהויבען שטאַרק מְפַלְפֵּל צו זיין, פּשט'ליך פליהען פון אלע זייטען, פערשיעדענע פּובליציסטען ווייזען ארוים זייערע גרויסע חריפות און בְּקִיאוּת - אין באנקגעשעפטען, אויך אין פּריוואט-געשפּרעכען און פערזאמלונגען ווערען פאר דער באנק פארגעשלאָגען די פערשיעדענסטע עֲסָקִים און אונטערנעהמונגען, פונקט אזוי ווי פאר א רייך בַּעַל-הַבַּיִת'ל, ווען ער נעהמט אראָב פון קעסט.

און ווען איך — א גרויסער עַם-הָאָרֶץ אין באנק-זאכען — האָב מיר דאָך ערלויבט אויך א וואָרט איבער די „פראגע" אין „יוד" צו פערעפענטליכען, טהו איך עס נישט, ווייל איך האָב א נייעס, א בעסערען פלאַן, גיין. — איך מוז לײדער מודה זיין, דאס שוין דער פאַקט אליין, אַז מ'האָט איבערהויפט די „פראגע" ארויפגעבראַכט אויף דעם טיש, שיינט מיר זעהר טרויריג; אָפען געזאָגט פערשטעה איך איבערהויפט נישט די גאַנצע פראגע, און ווער שמועסט די תשובות מיט די עצות...

אלזאָ נאָך 4 קאָנגרעסען, נאָך אזוי פיעל רעדען און שרייבען, מאמרים און דרשות, גרויסע און קליינע אסיפות פרעגט מען נאָך, וואָס האָט די קאָלאָניאלבאנק צו טהון און ווי זאָל זי איהר ארבייט אָנהויבען?!

פאר פשוט'ע יודען און פשוט'ע ציוניסטען איז ביז איצטער די גאַנצע זאַך געוועזען זעהר קלאָהר און זעלבסטפערשטענדליך. איך בין טיעף איבערצייגט, דאָס ביז פאר איינינע חדשים האָט נאָר אַנדערש קיינער נישט געמיינט, אַז די יודישע קאָלאָניאלבאנק איז בעשאַפען געוואָרען נור פאר ארץ ישראל און אַז נור דאָרט וועט זי אָנווענדען איהר גאַנצע ארבייט און טהעטיגקייט. יעדער פון אונז געדענקט נאָך דעם רַעַשׁ, וואָס האָבען אָנגעמאַכט די פאר ווערטער אין די תקנות פון דער באנק וועגען „אנדערע לענדער". און דער רעש איז דעמאָלט נישט געוועזען א נעקינסטעלטער, אַלע ציוניסטען האָבען דעמאָלט זעהר ערנסט געגען דעם פּראָטעסטירט, ביז מ'האָט פון אויבען בערוהיגט, דאָס דער בחור הזעצער האָט זיי נור אריינגעשטעלט, אזוי ווי מע פלעגט אַמאָל זאָגען, אָבער אין דער אמתין טראַכט נאָר קיינער נישט וועגען „די אַנדערע לענדער", — און צום סוף איצט, אַז די באַנק האָט שוין דאָס רעכט אָנהויבען עפּיס צו טהון, הויבט מען ווידער אָן צו רעדען פון „אַלע גלות-לענדער" און מע שלאָגט פאָר, „אַז די באַנק זאָל זיך פערנעהמען מיט געוועהנליכע באנק-אָפּעראציעס און שטיצען אומעטום יודישע ארבייט" („יוד", נומער 46, זייטע 6). עס איז דאַכט זיך נישטאָ קיין ציוניסט, וואָס וואָלט נישט געוואָלט „שטיצען יודישע ארבייט אין די גלות-לענדער", אָבער חס-וחלילה מיט דעם געלד פון דער קאָלאָניאַלבאַנק. יודישע גלות-לענדער זענען בַּעֲוֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים דאָ אזוי פיעל, און די דאָרטיגע יודישע ארבייט דאַרף נעבּיך אזוי פיעל שטיצע, דאָס נישט איין באַנק, נאָר צעהן אַזעלכע ביינק זענען צו ווענינ.

ווען מע קוקט זיך צו נעהנטער און טיעפער צום יודישען לעבען פון דער לעצטער צייט, זעהט מען אַ מערקווירדיגע פּסיכאָלאָגישע ערשיינונג, אַ פאָלק, וואָס לעבט שטענדיג מיט אַלטע און זעהר אַלטע מסורות, אַ פאָלק וואָס געדענקט הונדערטער יאָהרען א נאַרישען מנהג, אָדער אַ אונפערשטענדליכען פּיוּט, פערגעסט ווי א קליין קינד אָדער ווי אַן אַלטער מאַן וויכטיגע, לעבענסוויכטיגע פאַקטען פון נעכטען, און רייסט זיך נאָך א מאָל צום איינגענעם טעות, וואָס מ'האָט ערשט נעכטען פון איהם געליטען. „שטיצען יודישע ארבייט אין אלע גלות-לענדער", — נישט איין מאָל האָבען מיר שוין די שענע פראַזע געהערט. דעם הייליגען פסוק האָט דאָך שטענדיג געהאָט אויף זיינע ליפּען איינער פון אונזערע גרעסטע — באַראָן הירש ז"ל. דער פּסוק שטעהט אויך אויף דער קאַסע פון יק"א... ווער פון אונז האָט נישט געציטערט פאר פרייד, אַז ער האָט זיך דערוואוסט פון די גאַליצישע 10 מיליאָנען, ווער פון אונז איז אויך איצט נישט דאַנקבאַר יק"א פאר איהר ארבייט אין די גלות לענדער? אָבער צי איז דערצו בעשאַפען געוואָרען די קאָלאָניאַלבאַנק?

„פערנעהמען זיך מיט געוועהנליכע באנקאָפּעראַציעס"? ד. ה. פּראָסט יודיש, מאַכען געשעפטען, פערשטעהט זיך, גוטע געשעפטען. איז דאָס דען דער צוועק פון דער יודישער קאָלאָניאַלבאַנק? איך בין לײדער קיין באַנקיר און אפילו אויך קיין סוחר נישט, אָבער דאָס ווייס איך, און דאָס מוזען אלע מודה זיין, און אויך די קלוגסטע סוחרים, דאָס די בעסטע געשעפטען קענען פּלוצלינג מיט אַמאָל שלעכט ווערען, און וואָס וועט דעמאָלט

זיין? צי שטעלען זיך די דאָזיגע בעלי־עצות חאָטש אויף אַ מינוט פאָר דאָס גרויסע אומגליק — איך מיין נישט גראָד דאָס מאַטעריעלע, נאָר דאָס מאָראַלישע—און דעם גרויסען יאוש, וואָס קען דעמאָלט איינטרעטען. דאָ האַנדעלט זיך נישט וועגען דעם, וואָס אַ פּאָר יודישע מיליאָנען וועלען פערלאָרען ווערען — אַסך מעהר יודישע מיליאָנען ליגען בעגראָבען אין פערשיעדענע גלות־לענדער. די הויפּטזאַכע איז, אַז דאָס וועלען זיין ציוניסטישע מיליאָנען, צונויפגעקליבענע ביי צעהנדליגע טויזענדער מענשען, וואָס פערלאַנגען גאָר אַ אַנדער מין דיווידענד פון די אַקציעס. וויפיעל איבערמענשליכע אַרבייט האָט עס געקאָסט, ביז מען האָט אַ טהייל פון אונזער פאָלק אויסגעלערנט פערשטעהן און פיהלען, דאָס עס איז מעגליך אַ אַנדער דיווידענד ווי פּראָצענטען, און דאָס אַ פאָלק, אויב עס וויל נור זיין אַ פאָלק, דאַרף נישט קוקען אויף פּראָצענט און דאַרף אויך קענען דעם קרבן מיט אַ פרעהליך פּנים אוועקגעבען; וויפיעל מיה האָט דאָס געקאָסט, וויפיעל כחות האָט מען פערלאָרען, וויפיעל קליינע מלחמות האָט יעדער פון אונז געמוזט פיהרען, וויפיעל בלבולים און זלזולים האָט יעדער געמוזט אויסהערען, ביז שליעסליך מ'האָט דאָך איינגעפלאַנצט אין אַסך יודישע הערצער דעם געדאַנקען, דאָס דאָ האַנדעלט זיך נישט אום אַ חיי־שעה, אום אַ לאַטע צו לעגען אויף דעם יודישען גלות, נאָר אום גאַנץ אַנדערע זאַכען, אום פונדאַמענטאַלע לעבענספראַגען פון גאַנצען פאָלק, און דאָס צו אַזאַ הייליגער זאַך טאָר מען נישט צוגעהען מיט די געוועהנליכע קרעמערשע חשבונות. און מיט שטאָלץ קענען מיר זאָגען, דאָס עס איז אונז נישט וועניג געלונגען. אין אַסך הערצער איז אונזער אידעע שוין טיעף איינגעוואָרצעלט, און דאָרט לעבען גאַנץ אַנדער׳ע האָפנונגען, ווי 6 אָדער 8 פּראָצענט. און איך מוז זאָגען, דאָס איך בעטראַכט עס אַלס די גרעסטע הפקרות, דאָס מען הויבט ווידער אָן דאָס פאָלק צו וועקען מיט „נעוועהנליכע באַנק אָפּעראַציעס און שטיצע פון יודישער אַרבייט אין די גלות לענדער", און דאָס מע וויל איהם ווידער איינרעדען, אַז דערווייל איז דאָס דער גאַנצער עיקר און וויכטיגסטע אויפגאַבע פון דער קאָלאָניאַלבאַנק. אמת, צווישען די שורות גיט מען אָנצוהערען, דאָס די „געוועהנליכע באַנקאָפּעראַציעס" מיט די גרויסע רוחים, וועלען זיין ווי אַ נעטיך, כדי צו חאַפּען נייע אַקציאָנערען. ווי באַלד־זאָגען די פיינאַנץ־לענדע און פּסיכאָלאָגיש זעהר ערפאַהרענע בעלי־עצות, — אַז יודעליך וועלען דערשפּירען, דאָס די אַקציעס פון דער קאָלאָניאַלבאַנק געבען אַ גרויסען דיווידענד, וועלען זיי זיך וואַרפען פון אַלע זייטען אויף די אַקציעס און מע וועט זיי אין אַ קורצער צייט אַלע קענען פערקויפען און ערשט דעמאָלט וועט מען קענען טראַכטען ערנסט וועגען ארץ־ישראל און דעם ציוניזם.

ניין, מיינע הערען, דאָס גאַנצע פּשט'יל איז פאַלש און געפעהרליך פון אָנהויב ביז צום סוף.

ערשטענס, איז, ווי איך האָב שוין פריהער בעמערקט אַ גרויסע פראַגע צי די „געוועהנליכע באַנק אָפּעראַציעס" וועלען איבערהויפּט געבען ריוח; אַלטע בייַנק און אַלטע פירמען, וואָס האָבען גרויסע ערפאַהרונג און גרויסע פערבינדונגען, האַלטען זיך איצט קוים, אַלזאָ ווער קען מיט אַ ריינעם געוויסען פערזיכערן, דאָס גראָד די אָפּעראַציעס פון אונזער באַנק וועלען זיין אַזוי גליקליך. די גרויסע באַנקירען וועלען נישט אוועקוואַרפען זייערע געשעפטען, אום זיך צו פער־

---

# פעלעטאָן.

## קליינע מענשעליך

### מיט קליינע השגות.

בילדער

פון **שלום־עליכם.**

I.

### די שטאַדט כתריליווקע

(אויפ'ן אַרט פון אַ הקדמה).

פאַראַן אַלערליי שטעדט אויף דער וועלט. פאַראַן אויך אַזאַ שטאָדט וואָס מע רופט זי כתריליווקע.

עס געפעלט אייך ניט דער נאָמען? מיט וואָס איז כתריליווקע ערגער פון הולייפּאָלי, מאַלאָפּערעשטשעפּעני, וועסעליקוט, פּעטשיחוואָסט, מאָזעפּעווקע, זלאַדייעווקע, קאָזאַדאָיעווקע?

איטליכער נאָמען האָט זיך זיין שורש; איטליכע שטאָדט האָט זיך איהר היסטאָריע.

איהר ווילט וויסען די היסטאָריע פון כתריליווקע? זי איז לעת־עתה נאָך נישט אָבגעדרוקט געוואָרען אין ערגיץ, און געפינען זי אויפ'ן „לאַנדקאַרט" איז אייך נישט אַזוי גרינג.

זעהט איהר; דעם נאָמען אויב איהר ווילט וויסען פון וואַנען ער שטאַמט — קאָן איך אייך יאָ זאָגען.

ביי אונז איין אָרימאַן, דאָס ווייסט יעדערער, האָט יתרו'ס נעמען, און איטליכער נאָמען ווערט אויסגערעדט מיט איין אַנדער נגון. לְמָשָׁל, איהר פרעגט אַ יודען:

— וואָס מאַכט עפּיס משה?

— משה? נעביך אַ גוטער „אָרימאַן".

— משה? אַ „קבצן" אין זיבען פאָלעס!

— משה? אַ „דלפון" שבדלפנים!

— משה? איין „עני ואביון", שטאַרבט דריי מאָל אַ טאָג פון הונגער!

— משה? אַ מין „דלות! אַ מין דלות!

— משה? אַ „מקבל", אַ „מחזיר על הפתחים" גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רייד, אַ פּראָסטער „שלעפּער".

פאַראַן נאָך אַ נאָמען: „כתריאל", אָדער „כתריאליק". דער דאָזיגער נאָמען ווערט אויסגערעדט שוין גאָר מיט איין אַנדער מין נגון, למשל: „אוי בין איך קיין עין־הרע אַ כתריאליק"!... כתריאליק הייסט דאָס איז שוין נישט גלאַט אַזוי אַ קבצן, אַ שלים־מזל; דאָס איז שוין, פערשטעהט איהר מיך, אַזאַ מין אָרימאַן, וואָס פאַלט נישט תם ושלום אַראָב ביי זיך מיט זיין אָרימקייט; אדרבה, ס'איז גאָר אַ נדלות. אויף אונזער לשון הייסט דאָס „איין אָרים'ס און אַ פרייליכס".

אַלע כתריליווקער יודען זענען לא־עליכם אָט אַזעלכע אָרימע לייט, דאָס הייסט פרייליכע קבצנים. זיי האָבען נישט ממש מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען; נאָר פון דעסטוועגען איז מען פריילין!

טאָמער ווייסט איהר וואָס איז מיט זיי די נדולה? גאָר נישט, הוליי קבצן!...

צו די צרות זענען די כתריליווקער גרויסע בעלי המצאות, ווערטילזאָגערס. פאַר אַ גלייכווערטיל וועלען זיי אייך אוועקגעבען דעם טאַטען מיט דער מאַמע.

מע דערצעהלט אַ המצאה פון אַ כתריליווקער וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט צו רויטשילדען קיין פּאַריז:

נעהמען מיט אונזער באַנק, ווער קען ערוב זיין, דאָס די פיהרער וועלען דוקא זיין אזוי ערפאהרען, דאָס זיי וועלען מאַכען גוטע געשעפטען? טאָמער אָבער פערקעהרט?

צווייטענס, איז אַ גרויסער טעות, ווען מע מיינט, דאָס די דיוידענדען וועלען אזוי גיך צוציהען צו זיך נייע קונים אויף אַקציעס, אומגעקעהרט, די פערשיעדענע באַנק־אָפעראַציעס וועלען נור אָבשוואַכען די ציוניסטישע אַרבייט, די געשעפטען מיט די „נוטע" פראָצענטען אין די גלות לענדער וועלען אראָבנייבען דאָס גאַנצע אידעאַלע אויסזעהען פון ציוניזם, וועלען אַרויסטרייבען די נשמה פון איהם, און איך בין זיכער, דאָס קיינער וועט דאַמאלס נישט האָבען אפילו דעם מוטה צו רעדען וועגען דער באַנק.

געשעפטען קען יעדען יוד, וואָס האָט געלד, אליין מאַכען און וואהרשיינליך פיעל בעסערע ווי די צוקינפטיגע פיליעס פון דער קאָלאָניאַלבאַנק.

שאַפען זיך כבוד פאַר דער וועלט און פערדיענען דאָס פערטרויען פון אַ גאַנץ פאָלק קען מען נישט דורך 2—3 פראָצענט מעהר אָדער ווענינער. און טאַקי דאָס גופא, דאָס מע קען אויף אַ פאָלק זאָגען, דאָס עס האָט שוין נישט קיין גרעסערע אידעאַלען און קיין גרעסערע פערלאַנגען — איז זעהר אַ גרויסע הפקרות.

דריטענס פערגעסט מען, דאָס ווי באַלד די יודישע קאָלאָניאַלבאַנק וועט זיך פערנעהמען מיט פערשיעדענע באַנק־אָפעראַציעס אין אַלע גלות־לענדער, וועט זי מוזען פערברויכען איהר גאַנצען קאַפּיטאַל און נאָך מעהר, און עס קען קומען אַ צייט אַז דאָס געלד וועט גראַד נייטהיג זיין אין ארץ ישראל, ווען עס וועט זיין צושפרייט און צוזייט אין אַלע גלות לענדער. געשעפטען מאַכען איז גרינג, אָבער אָבשטעלען זיי איז שווער און פערלאַנגט פיעל, זעהר פיעל צייט און גרויסע הזיקות, און דאָ וועט ארץ־ישראל רופען אום הילף און מיר וועלען נישט האָבען מיט עפּיס. קען נאָך זיין אַ שרעקליכערע לאַגע? שליסליך זענען מיר אַלע דאָך פעסט איבערציינט, אַז עס וועט דאָך קומען שפּעטער אָדער פריהער אַזאַ צייט, ווען ארץ ישראל וועט אונז רופען, דאָס איז דאָך אונזער הויפּט־האָפנונג און אונזער הויפּט־ציעל.

און ווען מע זאָגט, דאָס עס איז נאָך איצט נישט די צייט אָנצוהויבען גרויסע אַרבייטען אין ארץ ישראל האָבען מיר דערויף נור איין ענטפער—וואַרטען. מיר זענען געוואָהנט צו וואַרטען, מען האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, וועט מען נאָך וואַרטען. מיר שטעהען דאָך איצט אינ'ם מזל פון דיפּלאָמאַטיע, און וואַרטען — האָט געזאָגט דער אַמאָליגער עסטרייכישער מיניסטער מעטערניך — איז דער גרעסטער קונץ אין דער דיפּלאָמאַטיע.

איך שליס קורץ, די באַנק איז בעשאַפען געוואָרען נור פאַר ארץ ישראל, און נור דאָרט האָט די באַנק דאָס מאָראַלישע רעכט צו מאַכען געשעפטען. דערווייל דאַרף מען דאָס געזאַמעלטע געלד בעהאַלטען אין גוטע הענד, — אויף דעם זאָלען זאָרגען די דירעקטאָר'ען — און מיר דאַרפען זיך סטאַרען צו פערברייטען אונזערע היילינע אידעע נישט אונטער דעם דגל פון פראָצענטען, נאָר מיט

---

— נעהט זאָגט רויטשילדען אַז איך האָב איהם געבראַכט צופיהרען אַזאַ סחורה וואָס מע קריגט דאָס נישט פאַר קיין הונדערט טויזענד מיליאַרד.

דערהערט אַזאַ מעשה הייסט זיך רויטשילד, מע זאָל איהם אַריינפיהרען דאָס יודיל.

— שלום־עליכם.

— עליכם־שלום.

— פון וואַנעט איז אַ יוד?

— פון כתריליווקע.

— וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען גוטס?

— הערט זשע אוים, פאַני רויטשילד — מאַכט דאָס יודיל — די מעשה דערפון איז אַזוי: געלד האָט איהר דאָך שוין אַחוץ אייער שאָדע, אויף מיר געזאָגט געוואָרען חאָטש האַלב, און כבוד זענט איהר ברוך־השם אויך ניט ושעדנע. וואָס זשע נעהט אייך אָב אַ שטיינער? דאָס „אייביגע לעבען", האָב איך דאָס אייך געבראַכט צופיהרען. איז אויב איהר ווילט, לייגט זייט מוחל אַנידער דריי הונדערט, נאָר במזומנים.

הקצור הדבר, דערהערט אַזעלכע דבורים, מאַכט רויטשילד נישט קיין סך שיהות, נעמט אַרוים און צעהלט איהם אָב דריי הונדערט אחת ואחת.

דער כתריליווקער האָט קודם־כל אַריינגעלייגט די עטליכע קערבליך טיף — טיף אין קעשעני אַריין און מאַכט צו רויטשילדען בזה הלשון:

— אויב איהר ווילט לעבען אייביג, וואַרפט אַוועק דאָס פּאַריזש און קלויבט זיך איבער צו אונז קיין כתריליווקע, וועט איהר קיין מאָל ניט שטאַרבען, ווארום זינט כתריליווקע איז אַ שטאָדט, איז דאָרט נאָך ביז אַהער קיין גביר ניט געשטאָרבען...

אדער מען דערצעהלט אַזאַ מעשה: עס זיצען צוויי כתריליווקער זומער אין דרויסען ביי דער טיר, נעהט פאַרביי די טשערדע.

— וואָס זאָגסט דו, חיים, אויף יענקיל'ס ציג? די משמעות, אַז יענקיל איז טאַקי אַ יוד אַ נגיד?

— מיר זאָלען דאָס ביידע פערמאָגען—זאָגט חיים — וואָס יענקיל איז שולדיג אויף דער ציג, וואָלטען מיר געווען רייכער פון איהם...

נאָך כדומה אַזעלכע המצאות דערצעהלט מען פון די כתריליווקערס, נאָר ס'איז נישט אָט דאָ דאָס ארט דערויף.

וואו געפינט זיך כתריליווקע ווילט איהר וויסען?

ווייט. עס שטעהט ערגיץ אין אַ ווייט, פערשטעקט אין אַ ווינקעל, ווייט פון אַ באַהן, ווייט פון אַ ים — און מע האָט דערפון קאַרג וואָס יסורים: ווינציגער טאַראַראַם.

אַצייט האָט כתריליווקע גאָר נישט געוואָלט גלויבען אַז ס'איז ערגיץ פאַראַן אַ באַהן אויף דער וועלט: „וויים איך!—האָבען זיי געזאָגט—דאָס האָבען בעלי עגלות אויסגעטראַכט"...

ביז ס'איז געקומען איינער אַ כתריליווקער און האָט דערצעהלט אַז ער איז אליין געפאָהרען מיט'ן באַהן, און געשוואָהרען זיך ער זאָל אַזוי האָבען אַלדעם גוטס! חברה האָבען איהם אויסגעהערט, אויסגעהערט, געזאָגט אַז זיי גלויבען איהם, עס קאָן זעהר זיין, פאַר וואָס ניט? זיי ווייסען אַז ער וועט פונ'ם קאָפּ נישט אויסטראַכטען אַזאַ זאַך וואָס ניט געשטויגען ניט געפלויגען; נאָר וואָס דען? עס וועט ניט אויסגעהאַלטען ווערען!...

און בשעת־מעשה האָט מען עפּיס געקוקט איינם אויף דאָס אַנדערע און געשמייכעלט.

וואָס האָט בעדייט דאָס דאָזיגע שמייכלען איז שווער צו טרעפען. ווען איך בין מיניסטער וואָלט איך די לצים אויף צוועצעניש צוגעפיהרט אַ באַהן גלייך קיין כתריליווקע—און לאָזען זיי וויסען!

וואָס איז זייער טהועכטס און פון וואַנען לעבען די דאָרטיגע יודען?

ערשטענס לעבען זיי ניט, און צווייטענס ווי אַזוי לעבען ביי אונז אַלע יודען אין די קליינע שטעדטליך? אַביסיל איינס פונ'ם אַנדערען און אַביסיל שטאַרבט מען פון הונגער—מע שלאָגט זיך דורך מיט צרות.

מע קאָן זאָגען אַז די גאַנצע שטאָדט שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנד אַ גאַנצע וואָך נאָר צוליעב דעם איינציגען טאָג שבת — און קומט שבת איז אַ כפרה יעהופּעץ, אַ כפרה אָדעס, אַ כפרה אפילו פּאַריזש — ס'איז פיין און שען און שטיל און רוהיג, ס'איז גוט און איין עק!

דער האָפנונג, דאָס מיר וועלען באלד האָבען די געלעגענהייט אלע אונזערע קרעפטען אנצוווענדען אין ארץ ישראל. איברינענס איז אויך איצט שוין דאָרט דאָ פאַר אונז גענוג אַרבייט.

וואַרשא. דר. ז. ביחאָווסקי.

---

## די סטודענטען־אסיפה.

דעם 18 טען דעצעמבער — ווי מען רעכענט אין מערב אייראָפא — וועט זיין אין באזעל א קאָנפערענץ פון יונגע ציוניסטען, שטודירענדע און אזוי געבילדעטע יונגע לייט, פון מערב און פון מזרח אייראָפא.

נאָך פאַר צוויי יאָהרען, האָט דער בערנער אקאַדעמישער־ציוניסטען־פעראיין געמאַכט דעם פאָרשלאַג אלע אנדערע אקאַדעמישע ציוניסטישע פעראיינען, אז די ציוניסטישע יוגענד זאָל זיך צונויפקלויבען אויף א פערזאַמלונג. אין אפּריל היינטיגעס יאָהר, איז געווען צו דעם צוועק א פאָרפערזאַמלונג אין מינכען, וואו ס'איז בעשטימט געוואָרען אז פאַר דעם פינפטען ציוניסטישען „וועלט קאָנגרעס" זאָל זיין א זעלבסשטענדיגע, אונאַבהענגיג פון קאָנגרעס, אקאַדעמישע קאָנפערענץ. כדי די יונגע ציוניסטישע פערזאַמלונג צו אָרגאַניזירען, האָט מען אויסגעקליבען א ביורא, וועלכעס זאָל פיהרען דאָקטאָר ח. ווייצמאַן און דאָקטאָר פאַסעמאַניק אין גענף. די אויסגעקליבענע האָבען זייער אַרבייט געטהון, אלסדינג צוגעגרייט, און — ווי געזאָגט — די קאָנפערענץ וועט זיין אין באזעל דעם 18 טען דעצעמבער, עטליכע טעג פאַר דעם גרויסען ציוניסטען־קאָנגרעס.

וואָס וויל אייגענטליך די יוגענד?

ווער ס'האָט אויגען, דער זעהט, אז די ציוניסטען, אין רוסלאַנד און אין מערב אייראָפא, זענען נאָך ביז איצט ניט אָרגאַניזירט ווי געהעריג; עס פעהלט נאָך דאס פעסטע צוזאַמענשליסען, די אָרדנונג און דיסציפּלין. די ציוניסטישע אגודות זענען נאָך ביז איצט נור אויסערליך פערבונדען; עס פעהלט דער אינווענינסטער צוזאַמענהאַנג; יעדער אגודה וואָלט זיך געדאַרפט פיהלען אלס גליעד אין דעם גרויסען ציוניסטישען קערפּער, אלס טהייל פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָן, אלע זאָלען איין פאַר אלע מאָל געהן אין דעם וועג, וואָס מען צייכענט אָן פאַר זיי פון איין קאָנגרעס ביז צום אַנדערען. דאָס קומט אַרויס דערפון, וואָס די ציוניסטישע אידעע איז נאָך ניט גענוג טיעף איינגעדרונגען אין די הערצער פון די ציוניסטען, וועלכע זענען גרעסטענטיילס נור שקל־געבער. א גרויסע צאָהל אגודות עקסיסטירען עפּים ווי נור צ ו ־ פ ע ל י ג. זיי האַלטען זיך נור אויף איינעם אָדער צוויי מענשען, וועלכע גיבען אָב דער ציוניסטישער אַרבייט זייער צייט און געזונד. טרעטען אָבער די פאַר מענשען אָב, איז א סוף פון דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבייט אין זייער שטאָדט אָדער שטעדטיל. דאָס פאָלק מוז אלזאָ סוף כל סוף ט י ע פ ע ר פ י ה ל ע ן דעם ציוניזם ווי ס'פיהלט איהם ביז איצט; עס מוז סוף כל סוף פערשטעהן, אז כדי ס'זאָל דערלאַנגען זיין אַלגעמיינעם ציעל, מוזען אַלע נאָך איין פלאַן אַרבייטען און פאָלגען די אָרדנונג וואָס איז פון קאָנגרעס איינגעפיהרט געוואָרען. די אונצופרידענע מיט ד ע ר אָרדנונג, האבען צייט ביי דעם אַנדערן קאָנג־עס זייער אונצופרידענהייט אַרויסצוזאָגען און צו ערקלערן. האָבען זיי עס געטהון, און דער קאָנגרעס האט עס פאַר ריכטיג גע־

---

מע זאָגט, אז זינט כתריליווקע איז א שטאָדט האָט זיך נאָך ניט געטראָפען, אז א יוד זאָל דאַרט חלילה נישט האָבען אויף שבת; האָט ער נישט קיין פיש, האָט ער חלה; האט ער נישט קיין חלה, האט ער ברויט; האָט ער נישט קיין ברויט, לייהט ער ביי יענעם, שפּעטער וועט דערפאַר יענער ליידען ביי איהם — ס'איז נישט מעהר ווי א גמילת חסד, ווי מיינער א גוטער בעקאַנטער זאגט, בשעת עס געהט איהם נישט אין די קאָרטען און ער האַלט ביי פערשפּילען די לעצטע עטליכע גילענס.

ווי אַזוי זעהט איים די שטאָדט כתריליווקע?

זי זעהט אוים ווי א... ווי א וואָס זאָל איך אייך זאָגען אשטייגער? ווי א סאָנישניק וואָס איז אָנגעזעצט מיט סעמיטשקעס, אָדער ווי א לאָקשענברעט מיט פאַרפעל אסך.

די לאָקשענברעט דאָס איז די שטאָדט, די פאַרפעל דאָס זענען די שטובליך וואָס זענען אָנגעזעצט איינס אויף דאָס אַנדערע.

אַי טאָמער איז דער מָשל ניט אַזוי גלייך, וועט איהר מיך רופען קנאַקניסיל; איך בין דען מחויב צו געפינען א פערגלייך? איך בעדאַרף אייך נור אָבמאָלען די זאַך אליין, מאָל איך אייך: כתריליווקע שטעהט אויף א באַרג, דאָס הייסט אויף כתריליווקע שטעהט א באַרג, און אויפ'ן באַרג און אונטערן באַרג שטעהען הייזליך אסך איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי קברים אויף איין אַלטען בית־עלמין, אלטע, שוואַרצע, איינגעבויגענע האַלבאיינגעפאַלענע מצבות.

קיין גאַסען איז ניט שייך צו זאָגען, מחמת די הייזער געהען נישט געבויעט אויסגערעכענט און אויסגעמאָסטען ווי אויף א שניריל, און קיין סך פלאַץ צווישען די הייזער איז אויך נישטאָ; למאַי זאָל שטעהן א ליידיג פלאַץ אז מע קאָן דערויף אַנידערשטעלען א שטוב? סע שטעהט אין פּסוק: לשבת יצרה — איז דער פשט: די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אויף ישוב, אויף צו ז י צ ע ן, נישט אויף צו קוקען...

פון דעסטוועגען, האָט קיין יסורים ניט. פאַראַן גאַסען אויך, גרויסע גאַסען און קליינע געסליך, און שמאָלע געסליך און אונטערגעסליך. אַי וואָס ס'איז נישט עפּים אזוי גלייך, אביסיל געדרעהט, באַרג אַראָב באַרג אַרויף, און פלוצים גאָט אייך א שטוב, אָדער א קעלער, אָדער גלאָט א גרוב? וועט איהר נישט געהן אליין ביינאַכט אָהן א לאַנטערנע; פאַר די כתריליווקער זאָלט איהר זיך ניט זאָרגען, א כתריליווקער וועט אין כתריליווקע צווישען כתריליווקער ניט פערבלאָנזעט ווערען קיין מאָל; איטליכער טרעפט צו זיך אהיים, ווי א פויגעל צו זיך אין נעסט אַריין.

און ווייטער איז פאַראַן אין מיטען שטאָדט א ברייטער האַלבקיילעכינער, און אפשר א דרייעקעכינער פלאַץ, וואָס דאָרטען זענען די געוועלבען מיט די יאַטקעס מיט די שטעלעכליך, און דאָרטען שטעלט זיך אוים דער מאַרק אלע פריהמאָרגען, וואו עס פאָהרען זיך צונויף אסך גוים מיט אסך גויעס, און דאָרטען ליגען אויסגעצויגען ביי טאָג אלע ציגען פון שטאָדט און וואַרעמען זיך קעגען דער זון, און דאָרטען טאַקי ווען להבדיל די בתי־מדרשים מיט די שולען מיט די קלייזליך פון שטאָדט, און דאָרטען איז דאָס אָרט, וואָס אלע איך בעט איבער אייער כבוד...

איך האָב מיך דערמאָנט אָן אייערע גרויסע שטעדט, עס זאָל אייך צו קיין חרפה ניט זיין, ס'איז ביי אייך נישט בעסער ווי אין כתריליווקע. דער חלוק איז נור וואָס ביי אייך האָט מען אויסגעקלעהרט א מין „קאַנאַליזאַציע", בכדי די וואָס געבען זיך דערמיט אָב זאָלען קאָנען גנבה'נען אויף וואָס די וועלט שטעהט.

כתריליווקע ווייסט ניט פון קיין „קאַנאַליזאַציע", פון קיין „עלעקטריע", פון קיין „גידראָפאַטיע", פון קיין נערוועז, פון קיין פּראָפעסאָרען, און ווי לעבען זיך אָב פון דעסטוועגען זייער וועלטיל — אפילו נישט אזוי פויגעלדיג — נאָר גלויבט מיר מע שטאַרבט אומעטים מיט אלץ איין טוידט, און מע לייגט אַריין אומעטום אין אַלץ איין ערד אַריין, און מע קלאפּט צו אומעטום אלץ מיט דער איינגער לאָפּאַטע — ס'איז, הערט איהר, הכל־הבל, גאָלע נאַרישקייטען, ווי מיין רבי רב זרח'יל פלעג זאָגען, בשעת ער האָט גענומען אביסיל בראָנפען און פערביסען מיט איין אייערקיכיל, און די בעקליך בשעת־מעשה פלעגען איהם אָנהויבען שפּיעלען, בליהען ווי די רויזען.

(פאָרטזעטצונג קומט).

פונען, וועט מסתמא דער פעהלער פעררייכט ווערען, און דער ביזהעריגער פלאן וועט אומגעענדערט ווערען. כל זמן זיי האבען עס אבער ניט געטהון, זענען זיי, אלס ציוניסטען, מחויב צו פאלגען, אין זייער ציוניסטישער ארבייט, די אויסגעקליבענע פיהרער פון ציוניזם, און זיך האלטען אין דאס אויסגעארבייטעטע פראגראם.

ליידער אבער זענען דא ביי אונז זעהר פיעל חכמים, וועלכע פערשטעהען אזא פראסטען אמת ניט, און פערלאזענדיג זיך אויף זייער שכל, שוואכען זיי אב און צערברעכען אליין די גאנצע ארגאניזאציאן.

ווייטער. זעהר אפט קומט אונז אויס צו הערען. ווי מען בעקלאגט זיך: עס איז ניטא קיין ארבייטער אין ציוניזם. ס׳פעהלען מענשען מיט שכל, ס׳פעהלט אינטעליגענץ. וועלכע זאל זיך אבגעבען מיט דער איינציגער אמת׳ער פאלקס־פראגע, וועלכע עקסיסטירט צווישען יודען. פון דער אנדער׳ער זייט אבער קומט אונז אויך אויס זעהר אפט צו הערען, ווי די איינעגע געבילדעטע יוגענד, אויף וועלכע מען בעקלאגט זיך, אז זי וויל ניט טהון פאר איהר פאלק, בעקלאגט זיך, אז זי האט ניט, אדער זי ווייסט ניט, וואס צו טהון; ס׳פעהלט איהר א פלאן פון ארבייט, וועלכער זאל זיין געגרינדעט אויף פאקטען, אויף פראקטיקע, אויף דעם וואס די אדער יענע ציוניסטישע ארבייטער, האבען איבערגעלעבט און דורכגעמאכט אין דער צייט פון זייער ארבייט. ס׳פעהלט די פערקניפּפונג צווישען דער צווייטער און צושפרייטער אינטעליגענץ אין פערשיעדענע ערטער; ס׳פעהלט זיי אן ארגאניזאציע צווישען זיך אלס ארבייטער אין פאלק וואס זאל געפיהרט ווערען פון מענשען וועלכע פערשטעהן וואס מען דארף טהון און ווי מען דארף טהון. צוגלייך וואלט די אינטעליגענטע יוגענד זיך אבגעגעבען אויך מיט אזויגע ארבייטען, צו וועלכע ניט אינטעליגענטען טויגען כלל ניט.

דערצו קומען נאך ריין סטודענטישע פראגען. ווי ס׳איז בעוואוסט, קומען אן זעהר פיעל פון אונז אין אוניווערסיטעטען — די וואס האבען געענדיגט גימנאזיום -- און ווייסען ניט פון דאנען אהין פון יודישער ליטעראטור, געשיכטע, פון יודישע אידעאלען און יודישע לעבענספראגען. די וואס ווערען פערוואנעלט קיין אויסלאנד האבען— אפילו ביי זייער בעסטען ווילען — ניט די מעגליכקייט צו לעזען עפּיס פון יודישער ליטעראטור, ניט דוקא העברעאיש, נאר אפילו אין אנדערע שפראכען. אויב די וועלכע אינטערעסירען זיך ניט מיט׳ן יודישען פאלק, געפינען דאך אין אויסלאנד, וואו ס׳זענען דא גרויסע — אדער אפילו קלענערע — יודישע קאלאניען (זיי הייסען, נאטירליך, רוסישע) א וועלכען ס׳איז צענטר מיט לעזע־צימער, און קליינע אדער גרעסערע ביבליאטהעקען, האבען די יודיש־נאציאנאלע סטודענטען אפילו די מעגליכקייט ניט צו לעזען א יודישע צייטונג, און ווער רעדט שוין א יודישע ביבליאטהעק צו געפינען און שוין א פשיטא א יודישען צענטר.

ווי געזאגט, צוליעב דעם וואס די יודיש־נאציאנאלע סטודענטען זענען צוזייט און צושפרייט, ליידען זיי און עס ליידעט אויך דאס פאלק א גייסטיגען שאדען. אבער אויסער דעם ליידען די סטודענטען אליין מאטריעל דערפון. די ניט נאציאנאלע סטודענטען, ווייל זיי זענען מעהרער אין צאהל, גרינדען קיכען, קאסעס גמילות־חסדים. קאסעס פאר ארימע, וועלכע זענען ניט אומשטאנד פאר מיטאג צו צאהלען א. ז. וו. די יודיש-נאציאנאלע סטודענטען אבער, קענען זיך זעהר זעלטען בענוטצען מיט די אלע קאסעס; ניט דערפאר ווייל מען נעמט זיי ניט אן פאר מיטגלידער אין די אלע חברות, דאס ניט, נאר פשוט דערפאר, ווייל זיי פיהלען זיך זעהר פרעמדע צווישען זייערע חברים, וואס דערווייטערן זיך פון יודענטהום. אויב ס׳איז ניטא צווישען זיי קיין גרויסע קעפּ, דערפאר זענען זיי — די יודיש־רוסישע סטודענטען — גרויסע פאנאטיקער. ניט זעלטען קומט אויס צו הערען פון זיי אז: מענשען מיט פערשיעדענע „וועלט אנשויאונגען" קענען בשום אופן קיין גוטע פריינד ניט זיין...

איצט קומען ריין וויסענשאפטליכע פראגען.

ס׳זענען דא פיעל יונגע לייט, וועלכע ליעבען מיט לייב און זעלע זייער פאלק; וועלכע זענען גרייט מיט לייב און זעלע זיך מקריב זיין פאר דעם, זיי ווייסען אבער ניט: וואו איז צו זוכען די אמת׳ע הילף? היינט געהן זיי רעכטס, מארגען געהן זיי לינקס, זיי זענען אליין צוריסען אויף צווייען, „צוויי נשמות וואהנען אין זייער ברוסט", צוויי גריבלער אין זייער קאפּ, צוויי לצים בעגלייטען זיי וואוהין זיי קעהרען און ווענדען זיך, איינער לאכט פון דעם, וואס דער אנדערער קוועלט און קלייבט נחת; אין קאפּ איז א תהו־ובהו, אין האַרצען א ווילד קלאפען, און זיי ווייסען ניט אויף וואס זיך אבצושטעלען, ווייסען ניט אן וואס זיך צו האלטען. ס׳זענען נאך דא אזעלכע, וואס טהוען זיך אן א נויטה, און געהן כלומר׳שט מיט פעסטע טריט אויף איין זייט, און דאך זענען זיי, חאטש שטילערהייט, מיט זיך אונצופריעדען, און אפט, צומאל אפילו געגען אייגענעם ווילען, רייסט זיך ארויס פון האַרצען א קרעכץ, מיט דער ביטערער פראגע: וואו איז פארט דער אמת?...

ס׳פערשטעהט זיך, אז פאר „יודען בעלי־בתים", פאר „געזעצטע" מענשען זענען אט אזעלכע מיני פראגען א געלעכטער, חוזק, וואס איז שייך? „יונגליך, האבען ניט וואס צו טהון, קלערען זיי איבער׳ן קאפּ. כ׳מיין, יעדערער זאל טהון וואס פאר איהם איז בעסער".

איך מוז מודה זיין, אז א „יוד א בעל־הבית" איז אודאי זעהר א חשוב׳ע זאך, ווער ס׳איז זוכה צוצוקומען צו זיין מדרגה, קען זיך— גאנץ רוהיג שלאפען... ס׳וועט אם ירצה השם, אודאי קומען א צייט, ווען די איצטיגע אונרוהיגע יוגענד וועט אויך ווערען בעל־הבית׳יש. אודאי מעג מען מקנא זיין די, וואס זענען מיט זיך, ברוך השם, צופריעדען, וואס ס׳הארט זיי קיין קשיות ניט, וואס טהוען זיך רוהיג, וואס זיי טהוען, אדער זיי טהוען גאר ניט. איך ווייס אבער אויך, אז ס׳ליגט אין דער טבע פון יונגע לייט — אויב זיי האבען נור ניט קיין פוסטע מחות — זיך צו גריבלען, פרעגען א קשיא פון דאנען אהין און פון דארט אהער; איך ווייס אויך ווייטער, אז ווען די איצטיגע יוגענד וועט ווערען „סטאטעטשנע", עכט „בעלי־הבית׳יש", וועט אויפשטעהן א יונגע יוגענד, וואס וועט ווייטער אמאל פרעגען קשיות און נאכאמאל זוכען תרוצים כדי צו העלפען אונזער יוגענד — דער איצטיגער און דער שפעטערער — צו געפינען קלארע און ריינע תרוצים אויף זייערע קשיות; כדי זיי צו העלפען זיך אויסקלייבען א וועג: אהין אדער אהער, מיר זאלען ניט האבען ביי זיך קיין שאקעלקעפּ, מוז זיך די יוגענד איין פאר אלע מאל דורכרעדען איבער אלע פראגען, וואס הארען זי, כדי נאך מעגליכקייט צו ווערען גאנצע מענשען, און מיט א גאנץ האַרץ זיך נעהמען פאר אונ־

זער פֿאָלקס־אַרבייט; דאָס פֿאָלק פֿאָדערט אַרבייט און זעהר פּ י ע ל אַרבייט.

איך וויל ברייננען נור אַ פּאָר ביישפּיעלען, כדי קלאָר צו מאַכען דעם לעזער האָטש וויפּיעל ס׳איז, אום וועלכע וויכטיגע פֿראַגען און וויכטיגע קשיות ס׳האַנדעלט זיך. איך וויל ברייננען אַ פּראָבע פֿון צוויי בעוועגונגען, פֿון וועלכע די רוסישע ציוניסטען ווייסען ניט און בענענ:ען זיך מיט זיי ניט, און די ציוניסטישע יוגענד אין אויסלאַנד אָבער, טרעפֿט זיך מיט זיי אויף שריט און טריט.

איינע פֿון די בעוועגונגען איז דער פֿאַלשער נאַציאָנאַליזם, די צווייטע דער פֿאַלשער ציוניזם. איך וועל פֿריהער רעדען פֿון דער ערשטער. איך מיין דאָ די יודישע אַרבייטער־פּאַרטייען, וואָס געפֿינען זיך אין מערב אייראָפּאַ. פֿריהער זענען זיי געוועזן איבערהויפּט ג ע ־ ג ע ן נאַציאָנאַליזם. ווער ס׳האָט געזאָגט אַז ער איז אַ נאַציאָנאַליסט, איז אין זייערע אויגען ניט ווערט געווען וואָס די ערד טראָגט איהם, ער איז ניט געווען בגדר מענש. ליעב האָבען דאָס ג אַ נ צ ע פֿ אָ ל ק יודען איז געווען איינע פֿון די גרעסטע עברות, אויף וועלכע מען האָט ניט געטאָרט מוחל זיין. איבערהויפּט איז זיי געווען קלאָר, אַז יודען זענען נאָר קיין פֿאָלק ניט. דאָס ווערטיל: „כל׳ ישראל חברים“ איז געווען עפּיס אַ מין נבול־פּה, וואָס האָט ממש געשטאָכען די אויערען, ווען מען האָט עס געהערט אַרויסברייננענדיג פֿון מויל. די יודישע ישועות האָבען זיי געזעהען אין דעם, וואָס יודען וועלען זיך אויסמישען מיט אַלע פֿעלקער. דאָס אידעאַל וועט ערפֿילט ווערען, נאָכדעם אַז מען וועט איינפֿיהרען געוויסע אָרדנונגען אין די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די אייראָפּעאישע פֿעלקער. ווייל דאָס אידעאַל איז נוגע אַלע די, וועלכע ליידען פֿון די עקאָנאָמישע אונאָרדנונגען דערפֿאַר מוזען אַלע ליידענדע זיין יד־אחת, זיי מעגען זיין יודען אָדער ניט יודען. דער ליידענדער איז אָבער אַ דם שונא דעם ניט ליידענדען, און האָט מיט איהם קיין שום שיכות ניט, חאָטש זיי זענען אפילוביידע יודען.

ס׳פֿערשטעהט זיך, אַז כל זמן די אַרבייטער־פּאַרטייען זענען געווען אַסימילאַטאָריש, האָבען זיך פֿון זיי דערווייטערט די אַלע, וועמען ס איז טייער געווען דאָס ג אַ נ צ ע יודישע פֿאָלק, מיט א ל ע זיינע קלאַסען. די אַלע, וואָס האָבען פֿערשטאַנען אַז די יודענפֿראַגע איז ניט נ ו ר קיין מאָגענפֿראַגע, און אַז די עקאָנאָמישע לאַגע קען זיין אַזוי אָדער אַזוי, וועט דורכדעם די יודישע פֿראַגע, אַלס פֿראַגע פֿון אַ פֿאָלק, וועלכעס וויל ב ל י י ב ע ן אַ פֿאָלק און אַ י ו ד י ש פֿאָלק, ניט פֿערענטפֿערט ווערען — די אַלע, זאָג איך, האָבען פֿערשטאַנען קלאָר, אַז זיי האָבען מיט די אָנגערופֿענע עקאָנאָמישע פּראָגראַמען ניט וואָס צו טהוען. אויב זיי האָבען געוואָלט עפּיס ט ה ו ן פֿאַר זייער פֿאָלק, האָבען זיי זיך געווענדעט צום ציוניזם.

נו איז אָבער איצט געוואָרען אַ נייעס: אויך צווישען די, וואָס האָבען תמיד געשריען געגען נאַציאָנאַליזם, הערען זיך שוין שטימען פֿאַר דעם נאַציאָנאַליזם. דער דאָזיגער נאַציאָנאַליזם איז אָבער איין פֿאַלשער, ווייל ער נעהמט אַריין אין זיך ניט דאָס גאַנצע פֿאָלק, נאָר אַ טהייל פֿון איהם, אָבער פֿאַר לייכטזיניגע יונגע לייט איז דאָס וואָרט נאַציאָנאַל אַליין שוין גענוג, כדי זיי זאָלען זיך לאָזען איינרעדען, אַז געהעריג האַנד אין האַנד מיט די אָנגערופֿענע „פֿאָלקס־פֿערזאָרגער“, טהוען זיי באמת עפּיס פֿאַר דאָס ווידעראויפֿלעבען פֿון יודישען פֿ אָ ל ק אַלס ג אַ נ צ ע ס.

די לייכטזיניגע און לייכטגלויביגע הערען ניט ווי די דאָזיגע „פֿערזאָרגער“ זאָגען, אַז דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבעוואוסטזיין קען נור שאָדען ברייננען פֿאַר זייער אידעאַל; זיי הערען ניט. אַז זייער גאַנצער נאַציאָנאַליזם איז נור ווי איינער זאָגט: מיך אַ ר ט ניט, איך נעם זיך ניט דאָס לעבען, אַז יודען זענען יודען, איך וויל אָבער ניט טהון קיין האַנד אין קאַלט וואַסער, כדי יודען זאָלען ב ל י י ב ע ן יודען... זיי ווילען ניט און קענען ניט פֿערשטעהן, אַז די מענשען, וועלכע נעהמען אַרויס אַ גאַנץ קליינעם פּראָצענט פֿון יודישען פֿאָלק און זאָגען, אַז אָט דער קליינער פּראָצענט איז דאָס ג אַ נ צ ע פֿאָלק, און אַלע איבריגע מעגען אונטערגעהן אין איין טאָג, אפילו ווען זיי רייסען זיי פֿון יודענטהום ניט אָב — מוזען סוף כל סוף זיך אין גאַנצען אָברייסען פֿון יודישען קערפּער; — אַזעלכע פֿאַקטען האָבען מיר שוין געזעהן אין דער יודישער געשיכטע — זיי ווילען ניט און קענען ניט פֿערשטעהן, אַז כדי דאָס יודישע פֿאָלק, זאָל זיך סוף כל סוף קענען זעלבסטשטענדיג ענטוויקלען, מוז עס האָבען אַנ׳אייגען שטיקיל לאַנד, און אַ חוץ דעם וואָס אַזאַ שטיקיל לאַנד וועלען זיי אין אייראָפּאַ בשום אופן ניט קענען געפֿינען, מוזען די יודען זוכען נאָך אַזאַ לאַנד, וואָס זאָל פֿערקניפּען די צוקונפֿטיגע יודישע געשיכטע מיט דער פֿערגאַנגענער, — און אַזאַ לאַנד קען זיין נור ארץ ישראל אַליין.

כדי דאָס אַלעס קלאָר צו מאַכען אונזערע אמת׳ע יונגע נאַציאָנאַליסטען, מוז מען זיך איין פֿאַר אַלע מאָל דורכרעדען, און ווייזען: וואו הערט אויף דער אמת׳ער און וואו הויבט זיך אָן דער פֿאַלשער נאַציאָנאַליזם.

כ מ ע ט דאָס אייגענע האָבען מיר מיט דעם פאַלשען „ציוניזם“. פֿאַלשע ציוניסטען זענען די, פֿאַר וועלכע דער ציוניזם איז ניט קיין צוועק פֿאַר זיך אָדער קיין מיטעל פֿאַר די אויפֿלעבונג פֿון יודישען פֿאָלק און זיין גייסט, נאָר אַ מיטעל איינצופֿיהרען רעפֿאָרמען אין עקאָנאָמישען לעבען פֿון אייראָפּאַ. דאָס זענען מענשען, וועלכע זוכען אַזוי ווי די פֿאַלשע נאַציאָנאַליסטען ניט די פֿערבעסערונג אין לעבען פֿון יודישען פֿאָלק, נאָר די פֿערבעסערונג פֿון דער גאַנצער וועלט.

דאָס איז אַ ציוניזם אָהן די יודישע נאַציאָן, אָהן ציון, אָהן פֿאָלקסאויפֿלעבען; דאָס איז אַ פֿראַזע, אין וועלכער איהר געפֿינט אַלצדינג, נור נ י ט קיין ציוניזם.

שוין זשע וועלען זיך ניט געפֿינען קיין קרומע קעפּ מיט ווייכע הערצער, וועלכע וועלען זיך לאָזען איבעררעדען פֿון אָט דער פֿראַזע?

— וואָס וויל אייגענטליך די יוגענד?

די יוגענד וויל, אַז אָט די אַלע פּראַקטישע און וויסענשאַפֿטליכע פֿראַגען זאָלען בעהאַנדעלט ווערען, געקלערט און ערקלערט ווערען.

די אינטעליגענטע יוגענד וויל זיך אָרגאַניזירען, פֿערבינדען און אויסאַרבייטען פֿאַר זיך אַ פּלאַן פֿון אַרבייט. ניט כדי צו שטרייטען געגען ציוניזם, נאָר כדי איהם צו שטאַרקען און צו שטיצען, כדי פֿעסטער איהם צו בעגרינדען אין פֿאָלק.

די אינטעליגענטע יוגענד אין אויסלאַנד וויל זיך אָרגאַניזירען, פֿערבינדען, כדי איין פֿריין זאָל העלפֿען דעם אַנדערען, מיט וואָרט

און מהאט, צו גרינדען יודיש־נאַציאָנאַלע צענטרען, קלובען, ביבליאָטהעקען, לעזע־זאַלען, קאַסען א. ז. וו. א. ז. וו.

די אינטעליגענטע יוגענד וויל איין פֿאַר אַלע מאָל ערקלערען — פֿאַר זיך און פֿאַר אַנדערע — דעם טיעפֿען אונטערשיעד צווישען דעם פֿאַלשען און דעם אמת'ן נאַציאָנאַליזם; דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען דעם פֿאַלשען און אמת'ן ציוניזם.

דאָס וויל זי; ווי ווייט זי וועט איהר וואונש אויספֿיהרען, וועט די קאָנפֿערענץ ווייזען.

בערן. ש. ראָזענפֿעלד.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

די לאַגע אין עסטרייך. — דער דייטשער פּאַרלאַמענט. — אַ נייער סכסוך מיט טערקיי. — די פֿראַנצויזישע הלואה — די רוטהענען און פאליאקען — די סטודענטען אין אטהען און די ניי־גריכישע שפראַך.

און עסטרייכישען פּאַרלאַמענט איז ווידער געקומען אַ שווערע צייט. ביי די ויכוחים איבער'ן בודזשעט האָבען די טשעכען ווידער אַרויסגערוקט זייערע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען: דער פּאַרלאַמענט זאָל געבען דעם הסכם אויף איינצופֿיהרען די טשעכישע שפּראַך אין בעהמען אַלס אָפֿיציעלע רעגיערונגסשפּראַך און אויף צו גרינדען אַ צווייטע טשעכישע אוניווערזיטעט. די פֿאָדערונגען זענען פֿאַר די דייטשען צו שווער, זיי זאָלען זיי גלייך קענען אננעהמען. אַריינצולאָזען זיך אָבער איצטער אין ויכוחים איבער די טשעכישע פֿאָדערונגען איז גאַנץ אונמעגליך, ווייל דאָס וואָלט הייסען ווידער ניט פֿאַרטיג ווערען ביז ניי־יאָהר מיט דעם בודזשעט. עס האָבען זיך שוין אויך געלאָזט הערען טשעכישע שטימען, אַז זיי ווילען ווידער אָנהויבען שטערען דער אַרבייט פֿון פּאַרלאַמענט, כל זמן זייערע פֿאָדערונגען וועלען ניט אָנגענומען ווערען. די לאַגע האָט אָנגעהויבען צו ווערען ווידער געפֿעהרליך, און מען האָט שוין אויך גערעדט ווי אַלע מאָל ביי אַזוינע געלעגענהייטען פֿונאַנדערלאָזען דעם פּאַרלאַמענט. דערווייל איז אָבער געלונגען אויסצומיידען די געפֿאַהר. דער פּרעזידענט פֿון פּאַרלאַמענט האָט צונויפֿגערופֿען איין אסיפה פון די פֿיהרער פֿון אַלע פּאַרטייען, כדי אַרומצורעדען די איצטיגע לאַגע, אויף דער אסיפה האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער גרעסטער טהייל דעפּוטאַטען איז פֿאַר די אָרדנונג און פֿאַר די רעגירונג. די טשעכען האָבען אויך פֿון זייער זייט צוגעזאָגט חאָטש מיט'ן האַלבען מויל, אַז זיי וועלען די ויכוחים און די בעראַטהונגען איבער'ן בודזשעט דערווייל ניט שטערען. זיי וועלען זייערע פֿאָדערונגען אַרויסשטעלען ערשט נאָכדעם, ווי מען וועט אָבפּטר'ן דעם בודזשעט. פֿון דעם קען מען האָפֿען, אַז די רוהע אין עסטרייכישען פּאַרלאַמענט איז אויף איינינע צייט ווידער געזיכערט.

די מיטגליעדער פֿון דייטשען פּאַרלאַמענט איז פֿונאַנדער געגעבען געוואָרען פֿון דער רעגירונג איין ערקלערונג מיט די טעמים, פֿאַר וואָס זי פֿערלאַנגט איצט איבערצובייטען די טאַריפֿען. דער וויכטיגסטער טעם איז דער, דאָס דורך די נידריגע אָבצאָהלונגען אויף געטריידע קען דייטשלאַנד ביי זיך אין לאַנד ניט קאָנקורירען מיט די פֿרעמדע ברוייטען. די לאַנדווירטשאַפֿט ליידעט דעריבער זעהר גרויסען שאַדען. די צאָהל פֿון מענשען, וואָס האָבען זייער חיונה פֿון ערדאַרבייט ווערט אין דייטשלאַנד אַלץ ווינציגער. פֿון 1882־טען יאָהר ביז 1895 איז די צאָהל פֿון די אָנגערופֿענע מענשען פֿערקלענערט געוואָרען אויף 700 טויזענד. די רעגירונג, ווערט ווייטער געזאָגט אין דער ערקלערונג, קען ניט בלייבען גלייכגילטיג צו דעם שטאַנד פֿון איהר לאַנדווירטשאַפֿט. די רעגירונג רעכענט ניט, אַז די געהעכערטע אָבצאָהלונגען וועלען שווער דריקען דעם פֿערברויכער, נאָר אויב אפילו יאָ, קען די רעגירונג זיך אַלץ ניט אָבזאָגען פֿון איהר פּראָיעקט. דאָס פֿאָלק דאַרף ברייגגען אַ קרבן לטובת דער לאַנדווירטשאַפֿט. די רעגירונג וויל זיך אָבער ניט אָבזאָגען פֿון האַנדעלסקאָנטראַקטען מיט אַנדערע מלוכות און זי האַלט זיי פֿאַר מעגליך אויך ביי די נייע געהעכערטע טאַריפֿען.

אויף דער זייט פֿון די געגנער מיינט'מען אָבער אַנדערש און מען רעכענט צו זוכען הילף אין רעמזעלבינען מיטעל ווי אין עסטרייך — דורך שטערונגען אין דעם גאַנג פֿון די ויכוחים אין פּאַרלאַמענט. מען רעכענט אַזוי פֿיעל צו רעדען איבער איטליכען פּונקט בעזונדער — און פּונקטען זענען דאָ אין פּראָיעקט אַנ'ערך פֿון 300 — אַז דער פּאַרלאַמענט וועט ניט האָבען די מעגליכקייט אַנצונעהמען אַ וועלכען ס'איז בעשלוס. דערמיט קען דורך דעם פּאַרלאַמענט ענטשטעהן פֿאַר די דייטשע רעגירונג דיזעלבע שווערע לאַגע ווי דורך די אונאָרדענונגען אין ווינער פּאַרלאַמענט פֿאַר עסטרייך.

צווישען טערקיי און פֿראַנקרייך איז נאָך אַ האָר ניט ענטשטאַנען אַ נייער סכסוך. לויט דעם בערלינער קאָנגרעס האָט טערקיי דאָס רעכט ניט דורכצולאָזען קריגשיפֿען פֿון פֿרעמדע מלוכות דורך דעם שמאָלען וואַסער־וועג דאַרדאַנעלען, אַ חוץ איינס אָדער צוויי שיפֿען, וועלכע יעדע מלוכה האָט דאָס רעכט צו האַלטען אין קאָנסטאַנטינאָפּעלער פּאָרט. נאָכדעם ווי קאָנסטאַן איז אַוועקגעפֿאָהרען פֿון קאָנסטאַנטינאָפּעל, איז אויך אָבגעפֿאָהרען איינס פֿון די פֿראַנצויזישע שיפֿען. איצט אַז דאָס דאָזיגע שיף האָט געוואָלט צוריק דורכפֿאָהרען דורך די דאַרדאַנעלען, האָט די טערקישע רעגירונג עס ניט געוואָלט דורכלאָזען, זאָגענדיג, אַז זי פֿערלאַנגט, דאָס פֿראַנקרייך זאָל האַלטען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל ניט מעהר ווי איין שיף. טערקיים ערקלערונג האָט אַרויסגערופֿען די פֿערוואונדערונג אין גאַנץ אייראָפּאַ. עס איז קיינעם קיין ספק ניט געווען, אַז פֿראַנקרייך וואָלט געוויס ניט נאָכגעגעבען און נאָך איהר גליק ביי דער ערשטער דעמאָנסטראַציאָן וואָלט זי איצט געווען פֿיעל דרייסטער. טערקיי האָט אָבער נישט לאַנג געוואַרט און גלייך מודיע געווען אין פּאַריז פֿון איהר הסכם.

אין פֿראַנצויזישען פּאַרלאַמענט האָט די רעגירונג פֿאָרגעלעגט אַ הלואה צו דעקען די הוצאות פֿון דער מלחמה מיט חינא. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט זענען געווען ויכוחים איבער די פֿראַנצויזישע פּאָליטיק אין מזרח איבערהויפּט. די סאָציאַליסטען זענען שאַרף אָנגעפֿאַלען אויף די רעגירונג; וואָס זי אונטערשטיצט די גלחים און מיסיאָנערען אין טערקיי און אין חינא. די גאַנצע שולד פֿון די פּאָגראָמען געגען די אייראָפּעער און דער מלחמה מיט חינא, האָבען זיי געזאָגט, פֿאַלט אויף די מיסיאָנערען, וועלכע ווילען מיט געוואַלט פֿערברייטען די קריסטליכע אמונה. וואַלדעק־רוסאָ'ן איז אָבער אויסגעקומען ניט שווער דער נצחון איבער די סאָציאַליסטען, דער גרעסטער טהייל פֿון דעות איז געווען פֿאַר איהם און פֿאַר זיין פּאָליטיק. די הלואה איז אָנגענומען געוואָרען.

די לעצטע פּאָר וואָכען זענען געווען אַ צייט פֿון אונאָרדענונגען פֿון סטודענטען אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, עסטרייך און גריכענלאַנד. אין די ערשטע צוויי לענדער איז אַ שטאַרקער רונז געגען די גלחים

און די סטודענטען פּראָטעסטירען נעגען זיי ביי יעדער געלעגענהייט. אין עסטרייך האט געהאַט די סטודענטישע בעוועגונג איין נאַציאָנאַלען כאַראַקטער און אין גריכענלאַנד האט זי גאַנץ אומגערעכט געקראָגען א פּאָליטישע בעדייטונג.

נאָך די אונאָרדענונגען, וואָס זענען געווען אין אינסברוקער אוניווערזיטעט, זענען איצט אויך ענטשטאַנען אונאָרדענונגען פון די רוטהענישע סטודענטען אין לעמבערגער אוניווערזיטעט. די רוטהענען פערלאַנגען פון דער רעגירונג איין אייגענע אוניווערזיטעט, זייער פאָדערונג איז געשטיצט אויף וויכטיגע טעמים. פּאַליאַקען זענען פאַרהאַן אין גאַליציען $3\frac{1}{2}$ מיליאָן, רוטהענען — נור מיט 300 טויזענד נפשות ווענינער. די פּאַליאַקען האָבען צוויי פּוילישע אוניווערזיטעטען (איינע אין קראַקוי, די אַנדערע אין לעמבערג), 28 אָדער 30 גימנאַזיעס און 5 רעאַלשולען, בעת די רוטהענען האָבען נור סך הכל 5 גימנאַזיעס. די רוטהענען וואָס זענען ביז יעצט געווען נידערגעשלאָגען, ווילען ווייטער ניט ליידען אַזאַ אומרעכט. און זיי זענען גאַנץ גערעכט, ווען זיי פערלאַנגען פאַר זיך דיזעלבע נאַציאָנאַלע רעכטע ווי די פּאָליאַקען. נאַר דיזעלבע פּאַליאַקען, וואָס פערלאַנגען פאַר זיך נאַציאָנאַלע רעכטע און וואָס זענען אש להבה נעגען די דייטשען, וועלכע רודפ'ן די פּוילישע שפּראַך אין פּאָזען, — דיזעלבע פּאַליאַקען קענען נאָר ניט פערשטעהן נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון אַנדערע פעלקער.

די סטודענטישע אונרוהען אין אַטהען, אין דער הויפּטשטאַדט פון גריכענלאַנד, זענען אַרויסגערופען געוואָרען דורך די איבערזעטצונג פון דער ברית־החדשה אין די נייע גריכישע שפּראַך. דאס עוואַנגעליום (ברית החדשה) איז געשריבען אין דער אלטער גריכישער שפּראַך, וועלכע ווערט נור פערשטאַנען פון דער אינטעליגענץ. דער גריכישער המון רעדט איצט אין אַ מין זשאַרגאָן, וועלכער שטעהט אין אַזאַ שייכות צו דער אַלטער שפּראַך, ווי דער ארמ׳עאישער תרגום צו העברעאיש. כדי דער המון זאָל אויך קענען פערשטעהן די קריסטליכע היילינע ביכער, האָט מען זיי איצט אָנגעהויבען צו איבערזעטצען אין די נייע גריכישע פאָלקס־שפּראַך. אין דעם זעהט די גריכישע אינטעליגענץ איין סכנה פאַר די אַלטע ליטעראַטור־שפּ׳אַך און זי האָט אַרויסגערופען אַ שאַרפע בעוועגונג געגען די איבערזעטצונג. די פיהרער פון דער בעוועגונג זענען געווען סטודענטען. אין אַטהען האָבען זיי צוזאַמענגערופען גרויסע פאָלקספערזאַמלונגען, אין וועלכע מען האט פערלאַנגט אַריינלעגען אין חרם דאס איבערזעטצע עוואַנגעליום. ביי די פערזאַמלונגען זענען ענטשטאַנען אויך געשלעגערייען צווי׳שען די סאָלדאַטען און סטודענטען. 7 מענשען זענען דערהרג׳ט, 30 פערוואונדעט. דער כעס געגען די רעגירונג איז געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז מען האט אויך געשאָסען אין דעם מיניסטער־פּ׳עזידענט. די רעגירונג וועט מוזען נאָכגעבען. דאָס איצטיגע מיניסטעריום האט זיך אָבגעזאָגט פון שטעל.

י, ל.

## צווישען אונז גערעדט.

### דער פּריזיוו.

דער „פּריזיוו" האָט זיך געענדיגט. און ווי יעדעס יאָהר קום איך אויך היינט פון דאָרט אַ טרויריגער מיט אַ צובראָכען האַרץ.

ווי קום איך יעדעס יאָהר צום פּריזיוו? וועט איהר פרעגען, מוז איך אייך דערצעהלען, אַז איך האָב קיין עין־הרע אַ גרויסע משפּחה, מיט אַ סך גוטע בעקאַנטע, און עס פעהלט ניט קיין יאָהר, אַז אַ יונגער פון מיינע קרובים אָדער פון מיינע בעקאַנטע זאָל ניט אַלט ווערען 21 יאָהר און זיך ניט דאַרפען שטעלען צום פּריזיוו.

דערום מוז איך מיט אַלע פעטערס, און מיהמעס און גוטע בעקאַנטע שטעהן אויף דער קעלט עטליכע טעג פאַר דער „פּריסוטסטוויע", וואו דער פּריזיוו קומט פאָר, און זעהען ווי מען רופט אויס די וואָס דאַרפען זיך „שטעלען": ווער עס רופט זיך אָן „איך בין דאָ" און ווער עס שווייגט, האָטש מען רופט דריי מאָל, ווער עס ציהט אַרויס ביים „זשערעב" אַ גרויסען נומער און ווער אַ קליינעם, ווער עס איז ערשטער „ראַזריאַד", ווער צווייטער, דריטער, און ווער עס האָט נאָר קיין לגאַטע ניט, ווענען מען נעמט צו און ווענען מען לאָזט פריי אין גאַנצען, אָדער ווענען נור אויף אַ יאָהר, ער זאָל זיך פערבעסערען אין געזונד, און ווענען מען שיקט אין שפּיטאָל זיך איבערצייגען, צי איז ער באמת קראַנק און ניט פעהיג צו דיענען אין מיליטער. איך מוז אַזוי, ווי איך מוז געהן מבקר חולה זיין מיינעם אַ קרוב אָדער אַ גוטען בעקאַנטען, ווען ער איז חס־ושלום קראַנק, איך מוז געהן, האָטש קיינעם קען איך מיט נאָר ניט העלפען און גרינגער מאַכען אויסער ווי מיט אַ קרעכטץ, האָטש באמת איז כלל ניט דאָ וואָס צו קרעכטצען אויף דעם, וואָס מען דאַרף זיך שטעלען צום פּריזיוו. פּריוואט ניט געהן און ניט העלפען קרעכטצען, — זענט איהר ניט קיין גוטער פריינד, און דערום מוז מען געהן שטעהן אויף דער קעלט פאַר דער „פּריסוטסטוויע" און קרעכטצען, האָטש, ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, איז באמת ניט דאָ אויף וואָס צו קרעכטצען. דאָס ווייס איך פון זיך אַליין, ווייל איך בין אויך געשטאַנען צום פּריזיוו, מען האט מיך צוגענומען, און איך האָב געדיענט אין מיליטער.

איך געדיינק, אַז ווען מען האָט מיך צוגענומען, האָבען מיך מיינע שוועסטער מיט די מיהמעס און מיט דער גאַנצער משפּחה בעוויינט ווי אַ טויטען.

פּלוצים בין איך ביי זיי געוואָרען אַ צדיק מיט אַלע מעלות פון דער וועלט.

— מיין טייערער מאָטעלע, אַזאַ טייער קינד עס איז גאָר אַזאַ צדיק ניט דאָ! האָט מיין עלטערע שוועסטער זיך געקלאַפּט מיט ביידע הענד אין קאָפּ. — וועה איז מיר, וואָס האָב איך עס גאָר דערלעבט, צו וואָס בין איך גאָר געבאָרען געוואָרען אויף דער וועלט, וואָס טויג מיר איצטער מיין לעבען! — האט זי געשריען מיט דעם אייגענעם ניגון, ווי מען בעוויינט אַ טויטען, און די משפּחה האט איהר מיטגעהאָלפען בעוויינען.

און איך האָב זיך געוואונדערט אויף די שוועסטער און אויף די משפּחה, וואָס איך בין ביי זיי פּלוצים אַזאַ טייערס, אַזאַ צדיק געוואָרען, וויסענדיג אַז פריהער האָט די אייגענע שוועסטער מיט דער משפּחה געפונען אין מיר אַלע פעהלער.

דיזעלבע סצענעס, ווי געזונדטע לעבעדיגע יונגע לייט ווערען בעוויינט ווי טוידטע, זעהט מען איצטער אויך.

און עס פרעגט זיך, שוין זשע איז באמת דאָס אומגליק אַזוי גרויס, ווען אַ געזונדטער שטאַרקער יונגערמאַן געהט דיענען אין מיליטער 3 יאָהר מיט 8 חדשים? ניין, טויזענד מאָל ניין. „דער היינטיגער דיענסט, — זאָגט דער עולם אַליין, — איז אַ שפּיעלעכיל".

אין די 3—4 יאָהר, וואָס דער סאָלדאַט דיענט, לאָזט מען איהם אויך אָב אַ סאָר מאָל אַהיים, אויף „אָטפּוסק", אַזוי אַז ער ווערט כלל ניט אָבגעריסען פון זיינע אייגענע, פון זיין היים. דער דיענסט זעלבסט איז אויך ניט שווער. לויט די געזעצען טאָר קיינער אַ סאָלדאַט ניט שלאָגען, מען קוקט אויף איהם ווי אויף אַ מענשען מיט כבוד. אויף יעדען סאָלדאַט דאַרף מען קוקען מיט דרך־ארץ ווי אויף דעם קייזערס אַ דיענער, און קיינער טאָר איהם ניט בעליידיגען — לייענען מיר תמיד אין די צירקולאַרען. געפינען זיך שטענדיגע קאָמיסיעס אין מיליטער, וואָס זאָרגען פאַר דעם סאָלדאַטס געזונד, ער זאָל פערברייננגען די צייט מיט נוטצען פאַר דעם דיענסט און פאַר זיך זעלבסט. פיעל אויסגעדיענטע סאָלדאַטען, איבערהויפּט פון דער אָרימער קלאַסע און אַפילו פון בעל הבתישע יודישע קינדער קענען אויך עדות זאָגען, אַז זיי האָט זיך אין דעם דיענסט געלעבט בעסער ווי אין דער היים.

פון וואַנען זשע נעמט זיך, אַז מען זאָל ביי יודען איין „אָבגעגעבענעם" בעוויינען ווי אַ טויטען?

דער גרויסער פּחד פאַר דעם מיליטער־דיענסט איז אונז נאָך געבליבען פון אַמאָליגע אַלטע צייטען, פון די „פּאָימעניקעס", ווען אַ סאָלדאַט האָט געדיענט 25 יאָהר, ווען מען האָט קליינע קינדער אָבגעריסען פון זייערע עלטערן און זיי כמעט אויף אייביג צוגענומען.

זעהר זעלטען האָט זיך דער סאָלדאַט נאָך 25 יאָהר דיענסט אומגעקעהרט צוריק אַהיים, און ווען עס האָט זיך שוין אַזאַ נס אַמאָל אין אַ יובל געטראָפען, האָט ער שוין קיין היים ניט געפונען. ער איז שוין געוועזען פרעמד ניט נור פון זיינע אייגענע עלטערן, נאָר אַפילו פון זיין אייגען פאָלק.

דענסמאָל האָבען אונזערע זיידעס און באָבעס באמת געמעגט בעקלאָגען נאָך מעהר ווי אַ טויטען זייערע קינדער, וואָס האָבען געהאַט דאָס אומגליק, מען זאָל זיי „כאַפּען" פאַר סאָלדאַטען.

פון אַלטע מנהגים און שרעק איז שווער אַ פאָלק אָבצוגעוועהנען, כאָטש די סבה פון שרעק איז שוין אין גאַנצען לאַנג איבערגעגאַנגען.

איבער דעם אַמאָליגען שרעק און פאַלשען בעגריף וועגען מיליטער דיענסט, טהוען טהיילמאָל פּראָסטע אונוויסענדע מענשען אַלערליי מיטלען, כדי זיך צו בעפרייען פון דיענסט.

און אָט פאַר וואָס איך קום יעדעס יאָהר טרויעריג פון פּריזיוו.

שטעהענדיג אין הויף, וואו די „פּריסוטסטוויע" געפינט זיך, זעה איך, אַז עס געפינען זיך צו פיעל קראַנקע יודישע יונגע לייט אין די בעסטע געזונדסטע יאָהרען. פיעל בעפרייט מען נור אויף איין יאָהר, נאָך מעהר שיקט מען אין די שפּיטאָלען אויף „איספּיטאַניע" — זיך איבערצוציינגען אין זייער קראַנקהייט, זעהר אַ קליינע צאָהל בעפרייט מען אין גאַנצען.

די זענען האַלב בלינד אויף די אויגען, די האָבען שלעכטע אויערען, די זענען געבראָכען, די האָבען אַ צרעת אויף דעם קאָפּ, די פעהלען 10 צייהנער אין מויל, און טהייל, וואָס האָבען ניט די אויסגערעכענטע פעהלער, זעהען אויס מיט אַזוינע געזיכטער, אַז שענערע מתים לעגט מען אין דער ערד, און דאָ פיהרט מען זיי נאָך אין שפּיטאָל אָדער אין גובערניע אויף „איספּיטאַניע". אָדער מען לאָזט זיי אַרויס נור אויף אַ יאָהר, ווייל די גרויסע צאָהל יודישע בעלי מומים און קראַנקע וואַרפט זיך צו פיעל אין די אויגען. און ווילענדיג ניט ווילענדיג מוז מען חושד זיין, אַז פיעל מאַכען זיך אַליין אַ מום אום זיך צו בעפרייען פון דיענסט.

וואָס פאַר אַ רעה עס קומט אַרויס דערפון דעם כלל, איז יעדען גוט בעוואוסט: ערשטענס, האָבען די שונאי ישראל יעדעס יאָהר פרישעס מאַטעריאַל צו שטעכען אונז און אונזערע פריינד די אויגען מיט די יודישע בעלי־מום'ן.

און צווייטענס, איז טאַקע נעביך אַ רחמנות און אַ שרעקליכע עולה פון די בעלי מום'ן, וואָס איבער זיי דאַרף מען אָנקומען צו די לגאַטניקעס און מען דאַרף אָבגעבען אַ בן יחיד ביי איין אלמנה, וואָס איז איהר איינציגער שפּייזער.

נאָך שרעקליכער איז דער רחמנות אויף די אומגליקליכע געבוירענע און באמת קראַנקע מענשען, איבער די „געמאַכטע" שלעפּט מען זיי נעביך אויך אין דער גובערניע אין די שפּיטעלער אויף איבערציינגען זיך, אָדער מען לאָזט זיי פריי נור אויף איין יאָהר.

מיר לאָזען צו, אַז דער וואָס איז פעהיג צו טהון אַ פערברעכען, געהט איהם ווינציג אָן טובת הכלל, אָדער דער בן יחיד, דער איינציגער שפּייזער פון דער ביטערער אלמנה, אָדער דער אמת'ר פון געבוירען אומגליקליכער בעל מום.

און זאָל אַפילו אַזוי זיין, לויענט עס דען פאַר אַזאַ מענשען זיך אַליין מאַכען פאַר אַ קאַליקע, ווען מיט דעם טהוט ער מעהר שלעכטס זיך זעלבסט. ערשטענס, קאָן דאָס פאַר קיין פאַל ניט פיהרען צו קיין בעפרייאונג פון מיליטער, ווייל ווען עס איז נור דאָ עפּיס אַ חשד אויף אַ יודישען בעל מום, כאָטש מען האָט דערצו קיין בעוויז ניט, נעמט מען איהם סיי ווי סיי צו דיענען, און נאַטירליך איז דאַן אַ בעל מום שווערער צו טראָגען דעם דיענסט ווי אַ געזונדען.

ביים בעסטען פאַל שיקט מען דעם געמאַכטען בעל מום אין גובערניע אין שפּיטאַל אויף זיך איבערציינגען, דאָ דאַרף מען זיך שלעפּען מיט דעם „עטאַפּ", און סוף כל סוף לאָזט זיך אויס, אַז פון דעם געמאַכטען בעל מום דערוויסט מען זיך. ווייל דער אמת קומט שטענדיג אַרויס ווי בוימעל אויף וואַסער, און אויסער וואָס אַזאַ געמאַכטער קאַליקע מוז דיענען, האָט ער זיך נאָך אויף זיך אַ גרויסע שטראָף זיצען חדשים און אַמאָל יאָהרען לאַנג אין תפיסה.

נאָר ערגער פון אַלע גרעסטע שטראָף און תפיסות איז די שרעקליכע שטראָף, וואָס די נאַטור אַליין צאָהלט דאָס גאַנצע לעבען אַזאַ געמאַכטען בעל מום — ער בלייבט איין אייביגער קאַליקע און פיהרט אַ געמאַטערט לעבען. וואָס ער ווערט עלטער מיט אַ יאָהר, פערשעלט ער אַלץ מעהר זיך זעלבסט, וואָס ער האָט עס געטהון, אָדער ער שעלט זיינע אייגענע נאַרישע געטרייע עלטערן, וואָס זיי האָבען איהם צוגערעדט זיך מאַכען פאַר אַ קאַליקע.

איצט פרעגט זיך, וואו זענען די אמת'ע סבות, וואָס ערקלערען אונז, ווי געפינען זיך עס מענשען, וועלכע זענען גרייט אַזוי פיעל צו ליידען, און זענען פעהיג ווי'רען פערברעכער, אויסער געגען פרעמדע מענשען, אויך געגען זיך זעלבסט און זיך מאַכען פאַר קאַליקעס אויף דעם גאַנצען לעבען, אום זיך צו בעפרייען פון גרינגע דריי־פיער יאָהר דיענסט?

די הויפּטאורזאַכע, נאָך מיין מיינונג, ליגט, ווי איך האָב פריהער געזאָגט, אין דעם אַלטען פּחד און מורא וועגען מיליטערדיענסט פון אַמאָליגע אַלטע צייטען.

דער אלטער פחד הערשט נאָך היינט אויך צווישען פראָסטען עולם, אין וועלכען עס נעהען איבער די שרעקליכע מעשות פון א מאָ־ליגען מיליטערדיענסט פון איין דור צום אנדערען.

צו דעם העלפען נאָך די שענע לייט, וועלכע נעהמען זיך אונטער פאר א קלייניגקייט מאַכען גרינג, אהן וועהטאָג, דעם פריזיוואניק פאר א בעל מום און זאָגען צו, אז מען וועט נעווים בעפרייט ווערען. און דאָס איז בעוואוסט, אז א פראָסטער מענש גלויבט יעדען בעל מופת און זיינע מופתים.

די אלע שעדליכע זאַכען דארף מען אויסוואָרצלען צווישען יודען און איבערהויפט אראָבוואַרפען דעם אומזיסטיגען פחד וועגען אמאָליגען מיליטערדיענסט.

עד היום בעוויינט מען ווי א טוידטען דעם יונגען מאָן, וואָס „מען נעמט צו“.

דאָס האָט געפאַסט אמאָליגע צייטען, ווען מען האָט געדיענט 25 יאָהר, אָבער ביי היינטיגע 3—4 יאָהר גרינגען מיליטערדיענסט דארף מען מעהר וויינען און קלאָגען אויף די אמת'ע און געמאַכטע קאַליקעס, אפילו דענסטמאָל ווען מען לאָזט זיי ארויס פריי, וואָרום זייער לעבען איז אויף אייביג צובראָכען.

זאָלען דאָס שטענדיג געדענקען די יונגע לייט, וואָס דארפען שטעהן „צום פריזיוו“, און אויך די עלטערן פון די יונגע לייט, וועלכע טראָגען זיך אומזיסט ארום מיט דעם אלטען פחד פון אמאָליגע יאָהרען.

זאָלען זיי די בעלי מופת, וואָס זאָגען צו מאַכען גרינג מום'ען טרייבען פון זיך ווי שדים און רוחות.

דענסמאָל וועלען די אמת'ע קאַליקעס פון געבוירען אָן און זייערע עלטערן פערשפאָרען מורא האָבען פאַר דאָנאסטשיקעס און אויסברענגען אויף זיי די לעצטע אָרימע יודישע גראָשענס.

דענסמאָל, ווען מען וועט דאָס אלעס געדענקען און אויסראמען די אורזאַכען, וועלכע ברענגען צו אזוינע שרעקליכע טרויריגע פאַקטען, דאַן וועלען מיר אויך פריי ווערען פון די אלע אומגליקען, וועלכע די „געמאַכטע“ קאַליקעס ברענגען אי זיך, אי דעם כלל.

מ. חיות.

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** *** גענען די רומענישע עמיגראַנטען. פון אונגאַרן איז מען מודיע, אז דאָס מיניסטעריום דעם אינערען האָט בדעה צו פערהיטען, אז די רומענישע עמיגראַנטען, וועלכע קומען מאַסענהאַפט איבער דער אונגאַרישער גרענעץ זאָלען זיך נישט בעזעצען אין לאַנד אָדער זיך א לאַנגע צייט דאָרט אויפהאַלטען, ווייל זיי זענען זעהר אָרים און דאָס איז א סכנה פאַר'ן לאַנד. צו דעם צוועק האָט דאָס מיניסטעריום דעלעגירט א בעאַמטען צו דער גרענעץ, וועלכער זאָל די זאַך גענוי שטודירען. מען האָט געפונען, אז די עמיגראַנטען ווערען דאָס רוב וועגען מאַנגעל אין רייזע-הוצאות פון אנדערע לענדער פערוויזען און דערפון האָט די אונגאַרישע שטאַאַטס-קאַסע א שאָדען. דאָס מיניסטעריום האָט בעשלאָסען זיך צו פערשטענדיגען מיט אנדערע מיניסטעריען איבער די תנאים אונטער וועלכע מען זאָל די רומענישע עמיגראַנטען ערלויבען די גרעניצען צו פאַסירען. לויט דיזע פערהאַנדלונגען האָט דאָס מיניסטעריום אין אונגאַרן בעפוהלען אז נור אזעלכע עמיגראַנטען זאָלען מעגען אריבערגעהן די גרענעץ, וועלכע האָבען רייזע-הוצאות וועניגסטענס 400 קראָנען און זענען עלטער פון 10 יאָהר. (פון 2—10 יאָהר דארפען האָבען יעדער 200 קראָנען), אָדער ווען זיי האָבען פון וואָסער ס'איז רייזע-ביוראָ אויסגעשטעלט א רייזע-בילעט וועלכעס איז אויך ערב דערפאַר, אז עס פערזאָרגט זיי מיט עסען און אין געגעבענעם פאַל מיט קראַנקען-פפלעגע און בעגרעבנים-הוצאות.

*** דער מעדכען-פערריין „רות“ אין קראַקוי האָט געעפענט א העברעאישען קורס. דער אונטערריכט אין העברעאישער שפראַכע און דקדוק איז 2 מאָל אין דער וואָך אין לעזע-צימער פון דער ביבליאָטהעק „עזרא“ און עס נעהמען אין איהם טהייל מעהר פון צוואָנציג מיידליך, מיטגליעדער פון „רות“.

*** דער יודישער טורנ-פערריין אין קראַקוי וועט אין קורצען געעפענט ווערען. די תקנות, וועלכע זענען איין מאָל וועגען פאָרם-פעהלער צוריקגעוויזען געוואָרען זענען שוין בעשטעטיגט. די ציוניסטישע סטודענטען ווידמען דעם טורנ-פעריין די הכנסה פון זייער „מאַקאַבעער-פייער“, וועלכע איז געוועזען זונטאָג, דעם 3-טען טאָג חנוכה.

*

**רוסלאַנד.** = דעם 4-טען נאָוועמבער האָט געעפענט אין ווארשוי די יודישע געמיינדע די נייע לעהר-שולען: א תלמוד-תורה, א פריוט פון קינדער און א ווארשטאַט פאַר קינדער, וואָס לערנען זיך מלאָכות. די לעצטע 2 אנשטאַלטען זענען געוועזען פון פריהער, און איצט זענען זיי נור אריבערגעטראָגען געוואָרען אין א נייע געביידע. אין א פיערשטאָקיגער אָפיצינע געפינט זיך דער פריוט פאַר 80 קינדער מיט אלע נייטהיגע איינריכטונגען, א שולע (תלמוד-תורה) מיט 4 אַבטהיילונגען, און אין א צווייטער אָפיצינע — די ווארשטאַטען. די ווארשטאַטען בעשטעהען פון 9 אבטהיילונגען: סטאָלעריי, דרעקסלעריי, שלאָסעריי, בלעכעריי א. ז. וו. אויפ'ן בוידעם געפינען זיך 2 גרויסע זאַלען בעלייכטעט פון אויבען אויף צייכנען און מאַלען. פאָריגעס יאָהר האָבען געלערנט אין די ווארשטאַטען 236 שילער און היינטיגס יאָהר וועלען זיין מעהר שילער. לעהרער זענען דאָ 14 פערזאָן. די הכנסות אויף אויסהאַלטונג פון די ווארשטאַטען האָבען בעטראָפען פאָריגעס יאָהר 27,932 רובעל. פערקויפט זענען געוואָרען זאַכען, וועלכע זענען אויסגעאַרבעט געוואָרען אין די ווארשטאַטען פאַר 6,762 ר'.

= בלאַנדעס משפט. דעם 8-טען נאָוועמבער האָט נאָך אַמאָל געזאָלט זיין דער משפט פון בלאַנדעס אין ווילנער אָקרוזשנאָי סוד, נאָר ווייל עס איז געוועזען צו וועניג פריסיאזשנע איז דער משפט ווייטער אָבגעלעגט געוואָרען. די אדוואָקאַטען האָבען געבעטען, אז מען זאָל בעשטימען דעם משפט וואָס פריהער און מען זאָל דעם בעשולדיגטען, וועלכער זיצט שוין מעהר ווי איין יאָהר אין תפיסה, פריילאָזען אָדער פערגרינגערען דאָס זיצען. בלאַנדעס האָט זיך אויך אויפגעהויבען און אָנגעהויבען צו זאָגען: „איך וועל משוגע ווערען... איך קען נישט...“ נאָר די ריכטער האָבען אָבגעזאָגט די ביטע פון די אדוואָקאַטען און מודיע געווען, אַז דער משפט וועט ווידער זיין אויף איינער פון די נעכסטע סעסיעס אין ווילנא.

= דער בעריהמטער טענאָר א. מ. דאַווידאָוו דערצעהלט אין „נאָוואָסטי“, פאַר וואָס ער איז געוועזען גענייטהיגט צו ברעכען זיין קאָנטראַקט מיט איין מאָסקאָווער אנטרעפעניאר: „אַלס ארטיסט פון די קייזערליכע טהעאַטערען אין פעטערבורג — שרייבט ה. דאַווידאָוו — האָב איך א פאַס פון דער דירעקציאָן און וואָהן אומגעשטערט אין פעטערבורג, נישט וויסענדיג, אז דער פאַס גיט מיר נישט קיין רעכט צו וואָהנען אין מאָסקווא, האָב איך געגעבען מיין וואָרט דאָרט אנטהייל צו נעהמען אין א קאָנצערט, נאָר איך האָב נישט געקענט אָדער נישט געטאָרט קומען קיין מאָסקווא“.

= דעם „וואָסחאָד“ איז מען מודיע, אז לעצטענס איז פאָרגעקומען א פראָיעקט צו גרינדען א לעבענס פערזיכערונגס-געזעלשאַפט מיט הילף פון דער יודישער קאָלאָניאַל-באַנק. וועגען דעם אנטראַג פון ה' שאַף אויס ביאַליסטאָק, אז די באַנק זאָל איבערנעהמען א לעבענס-פערזיכערונגס-געזעלשאַפט, וועלכע עקזיסטירט שוין פון פריהער, האָט דער וויענער אַקציאָנס-קאָמיטעט געשיקט אין יולי דעם פערוואַלטער ה' לעוואַנטין, אז ער זאָל איבערשמועסען די זאַך אויפ'ן אָ־ט. דעם 10/7 איז געוועזען אין אַקציאָנס-קאָמיטעט איין פערזאַמלונג, אויף וועלכער מען איז אָבער נישט געקומען צו קיין שום בעשלוס. דעם 26/9 איז געוועזען אין וויען די צווייטע פערזאַמלונג אונטער פאָרזיץ פון דר. הערצל. נאָר די זאַך איז ווייטער אָבגעלעגט געוואָרען און וועט ווערען בעקלערט אויפ'ן קומענדען קאָנגרעס.

= דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז לויט די תקנות פון פאַספאָרטען זענען יודען, וועלכע קומען קיין קיעוו אויף וועניגער ווי א טאָג, נישט מחויב צו האָבען אויסער פאַספאָרטען נאָך אַ דאָקומענט, אז ער האָט דאָס רעכט צו וואָהנען א געוויסע צייט אין קיעוו.

= ווי דער „קיעווליאַנין“ שרייבט, האָט דער סענאַט ערקלערט, אז יודען צעכאָווע בעלי מלאכות, וועלכע ווילען זיך פערשרייבען אויף א צייט אין א קיעווער צעך, זענען נישט מחויב צו עקזאַמינירען זיך נאָך אמאָל אין קיעוו, אויב זיי קענען זייער מלאכה. און עס איז גענוג אַז זיי זאָלען נור צושטעלען זייער אַטעסטאַט פון צעך.

— לויט דעם דין וחשבון פון דער חברה צו שטיצען בעלי מלאכות און אַקערבויער אין ארץ ישראל איז די צאָהל פון איהרע מיטגליעדער געווען ענדע

1900—5015, וועלכע האָבען אריינגעבראכט שטענדיגע און צופעליגע נדבות 32,212 ר׳ און לטובת הפועלים 23,720, סך־הכל 55,932 ר׳. עהרענמיטגליעדער איז דאָ 26.

= אין באלטא האָט זיך געגרינדעט מיט השתדלות פון ראבבינער ה. שיינקין איין ארטעל אויסצוארבייטען טאבאק און דעם 23/10 איז געפייערט געוואָרען די עפענונג פון א טאבאקס־פאבריק פאר דעם ארטעל. דער בעקאנטער גרינדער פון ארטעלען ה׳ לעוויטסקי איז געוועזען אויף דער עפענונג און געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט זיין צופריעדענהייט, וואָס ער זעהט, אז יודען האָבען טאקי פיעל מעלות ווי ער האלט פון זיי און נישט ווי עס האלטען פון זיי אנדערע. די בעסטע ראיה אויף דעם זענען די 150 ארטעלען, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרען מיט זיין הילף און וועלכע בעוויזען, אז צווישען יודישע בעלי מלאכות הערשט אחדות און אז ווי זענען מעהר נוטה צו לעבען בחברותא און נאָכצולאָזען זייערם צוליעב אנדערע. געענדיגט זיין רעדע האָט ער מיט איין אויסדרוק פון סימפאטיע צום ציוניזם.

— אין ראסטאוו־דאן האָט דער פאָליציימייסטער ערלויבט איין אסיפה פון די אקציאָנערען פון דער יודישער קאָלאָניאַל־באנק. אויף דער דאָזיגער אסיפה זענען אויסגעקליבען געוואָרען אלס דעלעגאטען אויף דעם פינפטען קאָנגרעס ה״ה י. ד. גוטערמאן, מ. ג. אייזענשטאדט, מ. ל. ראבינאוויטש, ס. ג. קאינארסקי און ס. י. גינזבורג.

— אין ביאליסטאָק ווערען געמאכט די הכנות צום בויען א נייע הויז פאר די יודישע האנדוועק־שולע. דער נדבן ה׳ ק. ז. וויסאָצקי, וועלכער האָט צוגעזאָגט געבען אויף דער זאַל 60,000 רובל, האָט שוין אריינגעטראָגען א טהייל פון דעם געלד.

■

**דייטשלאנד.** = דער קאָמיטעט פון דער יודישער געמיינדע אין בערלין בעשטעהט פון 20 מיטגליעדער. בשעת עס איז פאָרגעלעגט געוואָרען פאר זיי די שאלה, צי מען זאָל איינפיהרען אין די בתי מדרשים און קלויזען א גאָטעסדיענסט אַלע זונטאָג, האָבען 11 מיטגליעדער אויף דעם נישט מסכים געווען. איצט טרעטען ארויס איניגע קאָנסערוואטיווע מיטגליעדער פון קאָמיטעט, און פון די נייע וויבאָרעס איז געווענדט, אויב מען וועט איינפיהרען אין בערלין תפלה בצבור אום זונטאָג אָדער נישט. די ליבעראלען זאָגען, „אז די תפלה אום זונטאָג איז נייטהיג, ווייל שילער און סוחרים זענען פערנומען אום שבת און האָבען נישט קיין צייט צו געהען אין שול הערען א גוטע דרשה און א שענעם כאר״.

= אין דער פינאנץ קאָמיסיאָן פון בייערישען סיים האָבען איניגע מיטגליעדער מיט דר. היים אָן דער שפיצע פאָרגעלעגט אז דער סיים זאָל אויפמערקזאם מאכען די רעגיערונג דאראויף אז זי זאָל נישט צונעהמען קיין יודישע בעאַמטע אין יוסטיץ־מיניסטעריום מעהר ווי עס קומט אויס בערך דער צאָהל פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג צו דער יודישער. דערוויילע איז דאָס בעקלערען פון אנטראג אָבגעלעגט געוואָרען, נאר מען רעכענט אז דער מיניסטער וועט נישט מסכים זיין מיט דעם אנטראג ווייל ער איז געגען דער קאָנסטיטוציאָן.

■

**ענגלאנד.** = דער מיטארבייטער פון „דזואיש קראניקל״ האָט געשמועסט מיט׳ן דירעקטאָר פון דער יודישער קאָלאָניאַלבאנק ה׳ ראָזענבוים וועגען די עניגים, וועלכע די באנק קלערט צו טהון. ה׳ ראָזענבוים האלט פאר גלייך, אז די באנק זאָל פאר אַלעם עפענען איין אבטהיילונג אין יפו. די טערקישע רעגירונג וועט גערן צולאָזען קיין ארץ ישראל פרישע קאפיטאלען, וועלכע וועלען שטיצען די קאָלאָניסטען און געבען די מעגליכקייט דעם דאָרטיגען נייעם לאנדווירטשאפטליכען און טעכנישען ביוראָ, צו פערברייטען זיין טהעטיגקייט סיי אין האנדעל סיי אין פאבריקאציאָן. ווייל דער גרעסטער טהייל אקציאָנערען זענען רוסישע יודען, דערום וואָלט גייטהיג געווען צו עפענען 2 אבטהיילונגען אין רוסלאנד אין גרויסע יודישע שטעדט, כדי צו שטיצען יודישע פאבריקאנטען און סוחרים. אויסערדעם דארף מען עפענען איין אבטהיילונג אויך אין לאָנדאָנער איסטענד, דורך וועלכע די לאָנדאָנער אקציאָנערען וועלען קענען פיהרען זייערע געשעפטען מיט רוסלאנד. עס איז זעלבסט פערשטענדליך, אז די באנק וועט זיך דערוווייטערען פון עסקים, וועלכע זענען פערבונדען מיט ריזיקא.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס

**רוסלאנד.** = די מאָסקווער סטודענטען ביים מיניסטער. דעם 4־טען נאָוועמבער האָט דער מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג פ. ס. וואנאָווסקי זייענדיג אין מאָסקווא אויפגענומען אין האָטעל א דעפוטאציע פון מאָסקווער סטודענטען, וועלכע איז געקומען צו איהם מיט איניגע ביטען. די דעפוטאציע איז בעשטאנען פון 19 פערזאָן, די פאָרשטעהער פון פערשיעדענע קורסען און פון אַלע פאקולטעטען. דער מיניסטער האָט פריינדשאפטליך צוגענומען די סטודענטען און מיט זיי פערבראכט מעהר ווי א שעה. די ערשטע שאלה פון די סטודענטען איז געווען וועגען צוריקנעהמען אין אוניווערזיטעט זייערע חברים, וועלכע זענען ארויסגעשיקט געוואָרען אויף דער פראָווינץ איבער די סטודענטען־אונרוהען. דער מיניסטער האָט געענטפערט דערויף, אז אַלע סטודענטען, וועלכע זענען געוואָרען ארויסגעשיקט נור צוליעב די אונרוהען, האָט מען שוין צוריקגעשיקט. נאכהער האָבען די שליחים פון די סטודענטען געבעטען, אז מען זאָל ערלויבען אַלע, וועלכע ענדיגען א גימנאזיום איינצוטרעטען אין וואָס פאר איין אוניווערזיטעט זיי ווילען און נישט דוקא אין די אוניווערזיטעט, וועלכע געפינט זיך אין דעמזעלבען לעהר־ראיאָן ווי די גימנאזיע. דער מיניסטער האָט דערויף געענטפערט, אז ביי אזא אָרדנונג וועלען די אוניווערזיטעטען אין מאָסקווא, אין פעטערבורג תמיד זיין איבערפולט, בעת די פראָווינץ־אוניווערזיטעטען וועלען זיין פוסט. אויף די דריטע שאלה — אז מען זאָל די יודען לאָזען א פרייערען צוטריט אין די הויכע שולען — האָט דער מיניסטער געענטפערט, אז די שאלה ווי אויך די שאלה וועגען צולאָזען פרויען אין אוניווערזיטעט איז איין אלגעמיינע עיקר־פראגע און געהערט נישט צום מיניסטעריום פון פאָלקס־בילדונג. וועגען דער פראגע צו מאכען איין געריכט פון סטודענטען, האָט דער מיניסטער געזאָגט, אז דאָס איז נישט מעגליך, ווייל די סטודענטען זענען נישט צוגעגרייט דערצו. ווייטער בעקלערט איצט דאָס מיניסטעריום די שאלה צו פערבייטען דאָס געריכט פון דער אינספעקציע אויף א געריכט פון פראָפעסאָרען. דער מיניסטער האָט אויך אָבגעזאָגט די ביטע פון די סטודענטען וועגען ערלויבען זיי מאכען אסיפות, האַלטענדיג פאר מעגליך נור אסיפות פון סטודענטען אויס איין קורס אונטער דער השגחה פון די פראָפעסאָרען. בכלל ווערט יעצט אויסגעארבעט אין מיניסטעריום די שאלה וועגען סטודענטען־אָרגאניזאציאָנען און וועט ווערען ענטשיעדען אין קומענדיגען מאָנאט.

= פון לאָדז איז מען מודיע, אז חאָטש עס איז איצט שווער צו בעקומען סחורה אויף באָרג, פון דעסטוועגען איז זעהר שטארק דער מסחר מיט לאָדזער מאנופאקטור, אזוי אז עס איז כמעט נישטאָ קיין סחורה אין די געשעפטען.

= דער מיניסטער פון אינגערען האָט ערקלערט דעם „וואָסחאָר״ און די „פעטערבורגסקיא וויעדאָמאָסטי״ די ערשטע אזהרה פאר זייער שעדליכע ריכטונג.

= דאָס מיניסטעריום פון פאָלקס־בילדונג האָט בעשטעטיגט, אז עס דארפען ווערען בעפרייט פון שכר־למוד אין די גימנאזיען און פראָגימנאזיען אויך קינדער פון יודישע לעהרער און דאָקטוירים, וועלכע האָבען געדינט ניט ווייניגער פון 10 יאָהר סיי אין רעגירונגס־שולען סיי אין קהל׳שע יודישע שולען.

= ווי מען דערצעהלט, דארף זיין אין אָדעס אין מיטע נאָוועמבער א בעראטהונג פון אגראנאמען און עניגים, וועלכע זענען נוגע די קאָלאָניזאציאָן אין ארץ־ישראל. אין דער בעראטהונג וועלען אנטהייל נעהמען אויך די פאָרשטעהער פון דער חברה צו שטיצען בעלי־מלאָכות און ערדארבייטער אין סיריען און ארץ־ישראל.

---

# מיין קליין שיפעלע.

וויעם ברויזען, וויעס קאכען
אויף דעם ים די ווילדע וועלען!
אח, וואו זאל איך מיט מיין שיפעל,
מיט מיין שיפעלע זיך שטעלען?

ווי די חוואליעס שפרינגען האסטיג,
ווי די שטורם־ווינדען בלאזען!
אח, ווי זאל איך מיט מיין שיפעל,
מיט מיין שיפעלע זיך לאזען?

ווי די גרויסע שיפען לויפען,
ווי זיי פייפען, ווי זיי ברומען!
אח, ווי זאל איך מיט מיין שיפעל,
מיט מיין שיפעלע דא שווימען?

און איך שטעה ביים ברעג געבראכען,
פול מיט וועהטאג און פערלאנגען,
און איך זעה די גרויסע שיפען,
און דעם ברייטען ים דעם לאנגען...

און איך זעה די גרויסע שיפען,
ווי זיי יאגען, ווי זיי טרייבען,
און ביי׳ן זאמדיג ברעג און שטילען
מוז איך מיט מיין שיפעל בלייבען.

אברהם רייזען.

# ישראליק דער משוגענער

פערפליהט אין די הויכע עולמות.

געדרוקט בהשתדלות

## מענדעלי מוכר ספרים.

(פארטזעצונג)

מיט רעש, מיט אימפעט פליהען די רוחות איבער פלאנעטעס און שטערען, ווייט־ווייט ערגיץ העט אין עק וועלט. עס ווערט מיט א מאל שווארץ־טונקעל אין די אויגען. עס רוישט, שטורמט ארום און ארום, עס בלאזט, קלאפט א שרעק. דאס האט פון גאט דער פערטריבענער, דער וויסטער פארצייטינער „תהו־ובהו" זיך געריסען ווי א ווילדע חיה פונ'ם פערשלאסענעם געפיינגעניש, ארייצושפרינגען אין דעם גבול פון ארט און צייט. דאס האט דער אשמדאי געמאכט מיט זיינע פליגעל, געקלאפט אין די טויערען פון דער אייבינער, אמאלדינער פינסטערניש, געקראצט, געזוכט עפיס א שפאלט ווי הינטענא־ום ארויסצולאזען זי פריי און פער־פינסטערען די וועלט. אי, ווי שרעקליך דאס דאזיגע ארט איז, גאר א געוואלד! דא איז די גרעניץ פון ליכט — „ווירקליכקייט" — און פון חשכות — „גארנישט" א תהום. עס איז א גוואלדעניש, א שפארעניש, א ראנגלען זיך דא צווישען די געמארקען. עס הייבען זיך אויף שווארצע חמארעס ווי די בערג, אט־אט, דאכט זיך, פערשלינגען זיי הימעל און ערד. פייערדיגע מלאכים אבער, וואס שטעהען אויף דער וואך מיט בלייזע פלאמענדיגע שווערדען, דונערען און בליטצען און שרייען: „אוא! ... ביז דאנען און נישט מעהר ו' — עס ווערט א חאפעניש. א יאגעניש, פוטץ צוריק ווידער אין זייער רוה אריין... פון איין זייט דארט טאנט וואס ווייטער אליץ העלער העלער. די הימלען פערשטעלען דעם כבוד פון גאט, כתות מלאכים זאגען שירה, איטליכע נשמה לויבט זיין נאמען הללויה! און פון דער אנדערע זייט אקעגען איז שטאק־פינס־טער — נאכט !... עס ווידמען זיך דארט מיני שלעק, שוויבלען און גריבלען די אלע ווילדע נפשות, בייזע רוחות שרייען ווי די לעמפערטען, ווילען פערציקען, צערשטערען — אלסרינג צו אלדי שווארצע יאהר!

יונה הנביא, איהם איז נישט אזוי שלעכט געווען צולינען אין בויך ביים פיש ווי מיר ביים אשמדאי אין בוזעם. אונז ביידען, אמת טאקי, איז געווען גענוג פינסטער און ביטער. אז־אך־און וועה צו אונזער ביי־דענם מזל, צו ליגען אין דער קלעהם, אין אזא שכנות מישטעהנס־געזאגט. דא איז פארט א גרויסער חילוק. ער, יונה, האט וויינינגסטענס געקענט חאטש שרייען. תפלה טהון צום אויבערשטען, זיך בעטען אהיים — און איך האב געמוזט האלטען מויל, נישט געטארט טהון אפילו א פיפס, שא! די לצים זאלען עס חלילה נישט דערהערען, דער רוח זאל מיך נישט א חאפ טהון, דערמאהנענדיג זיך אין מיר, און ארויסווארפען מיך ווי א דערקוועטשטע וואנץ אין דעם טיפען אבגרונט.

עס איז א רעש, א געפילדער! הויך אין די הימלען דרעהען זיך, קעהרען זיך ו ו ע ל ט ע ן. זונען און לבנות געהען־אויף און אונטערגעהען, איטליכער בעזונדער פאר זיך. עס ענדערען זיך די צייטען, עס בייטען זיך פון שטערען די וואכען, די אראב יענע ארויף, איטליכער אין זיין צייט, יעדער אין זיין ארט, עס זאל עס געקרימט ווערען אויף א האר! דער אשמדאי פויקט צונויף זיין פעקיל רוחות און לאזט זיך מיט זיי צוריק צו אונזער ערד, וואס דרעהט זיך, אויסזעהענדיג ווי א שפילצען־קעפיל, ערגיץ ווייט דארט. ער וויל, הער איך, זי נישט אבלאזען. קיין אנדערע ווי זי טויג איהם נישט אזוי צו זיין ארבייט. דא האט ער נעגוג בעהעל־פערס, נענוג מיטעל צו ווייזען זיינע גבורות. דא איז א האפנונג ער זאל בייקומען, אין דער מלחמה מיט דעם רבונו של עולם זאל ער זיין פון אויבען.

— וואס טוינט איהר?... וואס קומט אייך ארויס פון יענע אלע הימלען, פון אייערע אלע גן־עדן'ס, אז איהר זענט קנעכט, לאקייען? אז איהר האט נישט קיין פרייהייט, קיין אייגענעם ווילען, אז איהר זענט נור קוקלעס, וואס טהוען, מאכען מיט די ליפען, פלאפלען אזוי ווי מען דרודעלט זיי אן?! טפו! זאל עס ווערען איננאנצען! — זאגט דער אשמדאי, אויפשטעלענדיג ביידע קולאקעס אין דער הויך, שפייעט מיט פעך און שוועפעל, בליצט — בלינצעלט מיט די אויגען, שיסט דערנאך אויס מיט א געלעכטער, א שניידענדיגס ווי א מעסער, שרייט זיך איבער מיט די רוחות אויף משונה ווילדע קולות און גיט זיי אונטער חשק ניכער נאך איהם צופליהען.

ער פליהעט האסטיג. וואס א מאך מיט די פליגעל פליהט ער אב א וועלט, וואס ווייטער ווייטער ווערט די ערד גרעסער גרעסער און דער אשמדאי אליץ רוהיגער. פלוצלים בלייבט ער שוועבען שטיל, ברעכט זיך, ציהט זיך, גלייך ווי ער וואלט פון זיך אראבגעווארפען משא גאנצע בערג, און ארייגפאהרענדיג מיט דער האנד צו זיך אין בוזעם, א קראטץ צוטהון זיך מסתמא, טאפט ער גאר אומגעריכט מיך אן.

— ע־ע, וואהין, ישראליק, דו האסט זיך פערקליבען! לאז מען, נור א ווייילע פונ'ם אויג דיך אבלאזען קריכסט־דו קריכסט און קענסט באלד אין דער גרגרת אריינקריכען!... א־נו זייט זיך מטריח, רב ישראליק, ווייטער אביסיל, ריקט זיך, רב ישראליק, זייט־זשע מוחל! — בעט מיך דער אשמדאי מחילה און שלעפט מיך ארויס, האלטענדיג צווישען די פינגער מיט א קליין קוועטשעלע.

אוודאי איז פע, טאקי וואס פע הייסט! דאך פאל איך ביי מיר נישט אראב, מאך מיר הארץ, דערמאהנענדיג זיך אין מיין וואונדער־דינגער געשיכטע, וואס מיט מיר האט ביז אהער זיך פאסירט, און טראכט ביי מיר: בע... נישקשה! אז איך האב געקענט מאכען ביז אהער אזא רייזע, א קאטאוועס עפיס אזא רייזע, אוים זיין וואו די וועלט האט איין עק, געפינענדיג זיך צווישען אזוי פיעל נישט־גוטע, אלער־ליי שלעק און בלייבען גאנץ מיט די ביינער, וועל איך, אם־ירצה־השם ווייטער מיך מסתמא אויך אויסדרעהען. מיט דעם דאזיגען בטחון צאפעל איך ביים אשמדאי צווישען די פינגער, אנקוקענדיג איהם דערביי משונה, עפיס מיט אזא מינע, ווי איינער רעדט: מילא א קוועטש איז א קוועטש, בין שוין געוועהנט... קליינינקייטען! וואס־זשע אבער נו וועט זיין ווייטער?

— דיין טרפה'נע מזל, ישראליק, וואס אצינד גראד בין איך אויפ־גערייימט, שיינק איך דיר. זיסט, וואלסט דו ביי מיר געפלויגען מיט'ן קאפ אין דער־ערד, עס וואלט פון דיר נישט געבליבען קיין זכר — זאגט דער אשמדאי און לאזט מיך אב פריי ביי זיך אויף דער האנד.

אבי זוכה געווען צו הערען עפיס א גוט ווארט ווער איך שוין ביי מיר שטארק, געהויבען... און שטעל מיך איין, ווי א היימישער, דעם אשמדאי אויף צוקאוועשטש צו טהון א פרעג:

— וואס איז מיט דיר, פאני אשמדאי, אזוי די שמחה?

— אט ועסט דו, בהמה, באלד זעהען פאר וואס — ענטפערט ער און טהוט מיר ווידער אן די ברילען, א שנאל געבענדיג מיר דערביי מיט א זיס־זויער שמייכעלע אין דער שפיטץ נאז — א־נו, דו זעהסט עפיס דארט אויף דער ערד?

— שווערליך! — זאָג איך, רייבענדיג די נאָז און די אויגען — עפּיס געהען ארויף זיילען רויך ווי פון טויזענט פייערשפייענדיגע בערג. ס'איז דאָרט עפּיס איין איבערקעהרעניש ווי סדום און עמורה!

— ניין, נאַרעלע! — מאַכט דער אשמדאַי, א בלאָז געבענדיג אזוי, אז דער רויך איז זיך צוגאַנגען אין דער זייט — קוק אַצינד וועסט דו זעהען קוימענס. דאָס רויכערען דאָרט גרויסע, הויכע קוימענס פון מיינע טויזענטערליי פאַבריקעס: פאַבריקעס פון הארמאַטעס, ביקסען און כל־א־מיני אנדערע כלי־זין אויף צומאַכען דעם טויט; פאַבריקעס מעהר וויפיעל מען בעדאַרף אויף צו פעלשען אין לעבען נייטיגע זאַכען. און אויך פאַבריקעס אזוינע אויף צו מאַכען שמאַכטעס, וואָס עפּיס נישט אזוי שטאַרק נייטהיג אין לעבען אריין; פאַבריקעס פון כלים און מאַשינעס, צו פערשפּאָרען מענשענס הענד, פערוואָלוועלערען זייער ארבייט און צונעהמען ביי א סך די פּרנסה; פאַבריקעס פון אזעלכע מיני המצאות ווי צו פערקירצען אָרט און צייט און דורכדעם צו פערקירצען זעהר אָפּט טאַקי דעם מענשענס יאָהרען; פאַבריקעס צו דרוקען און צו פערשפּרייטען אין דער וועלט גיך און געשווינד זעהר פיעל נאַרעשקייטען — ליגענס, רכילות, בלבולים, וואָס נישט געשטויגען נישט געפלויגען, שנאה — קנאה, נאָך און נאָך אזעלכע מיאוסע זאַכענישען און אַל דאָס ביז איינע אַקענען די אנדערע... קורץ און גוט — דאָס איז דער רויך פון דער „ציוויליזאַציע", ווי הייסט עס ביי אייך דאָרט. וואַרט נור, וואַרט א וויילע אַט האָסט דו א פּאַנאָראַמע. קוק, זיי מוחל, און האָב הנאה!

עס עפענט זיך אויף פאַר מיינע אויגען א שטיק לאַנד, וואונדער שען, נור א געמעהל. פעלדער געהילט אין א סאַמעט־גרינעם מאַנטעל פון יונגע פרישע תבואות, געשפּרייקעלט מיט בלימכענליך ביי די קאַנטען. אין טהאַלען פיטערען זיך שאָף און אויף בערגליך שפּרינגען קלאָר־ווייסע ציגען. אין דער לופט טראָגט זיך א קאָנצערט פון אלערליי שטימעס: א געזאַנג, א קנאַקען פון שפּיל־פייגעליך אין וועלדער און וועלדליך; א שמוצערען, א זזשען, א צימבּעלען פון פליהענדיגע מיקען, זשוקליך אויבען, און פון שפּרינגענדיגע גרילען, היישרעקען אין דעם גראָז אונטען, און צווויילען א הירזען פון פערד אויך א צובאַסעווען פון קוה אויף דער ברייטער געמבע. ווייט אַרום ליגען צוזייט דערפליך, פערמעס, הייזער געזונטע, געבויעט מיט אַלסדינג אין דעם בעל־הבתיש־קייט, דערביי גרויסע שענע גערטנער און וויינגערטנער. דאָרט בליהט דער ווינשטאָק, דער פייגענבוים צולאָזט זיינע בלעטער, רויזען און אַלע אנדערע שמעקענדיגע קרייטעכצער גיבען פון זיך ארויס א ריח פון געוווירץ. קינדער שפּרינגען ווי די ציגעליך אויף די הויפען, שטיפען, לאַכען פון'ס גאַנצען האַרצען, עלטערע זיטצען אָנגעלעהנט אונטער ביימער, רויכערען, שמועסען גאָר פריינדליך, עסען, טרינקען און זענען פרעהליך.

— אך — זאָג איך — ווי גוט, ווי שען! ס'איז דאָך עפּיס דאָ א לעבען, גאָר א גן־עדן!

— א־יאָ שען? אַט וועסט דו באַלד זעהען עפּיס שענערס! — זאָגענדיג אזוי טהוט דער אשמדאַי א מאַך מיט דער האַנד פאַר מיינע אויגען פלינק ווי א פאָקוסניק און הייסט מיר קוקען.

— אי־אַי! — לאָז איך ארויס א ביטער געשריי — נישט צודערקענען דאָס לאַנד אזוי וויסט איז עס, אזא חורבן! נאַקעט זענען די פעלדער, נישטאָ קיין ווייץ, נישטאָ קיין קאָרען, א פייער האָט אויסגעקויקעלט, אויסגעברענט ביז איין גרעזעלע דאָרט. פערדאַרט שטעהן ביימער, די צווייגען צעבראָכען, אויס פרעהליכקייט ביי מענשען. מען הערט נישט קיין קול פון פּיה — שאַ, נישט קיין פּיפּס, פייגעל און בהמות עפּיס ווי אויסגעשטאָרבען!...

— דאָס האָט זי, די ציוויליזאַציע, אזוי געמיהעט — דערקלעהרט מיר דער אשמדאַי די זאַך מיט זיין געוועהנטליך בייז געלעכטעריל — דאָס איז זי פאַר גוטסקייט געקומען אהער אומגעבעטען מיט בלוט און פייער און זיילען רויך. געקומען איז זי פון גאַנץ ווייט זיך לאָזען צודערקענען דעם היגען פּראָסטען עולם דאָ מיט איהרע טובות. און אזוי ווי דער עולם אָבער האָט זיך בעדאַנקט, געוואָלט לעבען ווי פריהער אָהן די טובות, האָט זי איהם געלעהרענט דרך־ארץ, געוויזען ווער עלטער איז. — וואָס איז מיט מיר, פּ־ענסט דו, אזוי שמחה? בהמה! ס'איז א פרייד צו זעהען ווי זי ברענט, סמאַליעט א וועלט. קלעקט איהנישט אויף איהרע חוצות די וועלדער, גראָבט זי זיך ווי א קראָט טיף אין דער ערד, רייסט דאָרט קברים פון פאַרצייטיגע געוועקס, פלאַנצען העט־העט נאָך פאַר דעם מבול, פון וועלכע ס'איז געוואָרען פערהאַרטעוועטע קוילען, און נעהמט זיי צו איהר געברויך. עס וועט איהר נישט קלעקען באַלד דאָס אויך, זי וועט אויסברעגען, אויספּרעסען דאָס אינוועניגסטע אין דעם בויך פון דער ערד — רענסטמאָל וועט זי זיך א נעהם טהון אויבען צו דער זון. פון דעם א ל ט ע נ ס רייטוואָגען דאָרט אין הימעל וועט זי ארויסגנבה'נען די הייסע־ברענענדיגע שׂרפים און זיי איינשפּאַנען אין איהרע מאַשינעס, צושלעפּען, צודרעהען רעדער, אונטערשמייסענדיג זי, מחילה, מיט עלעקטרישע־בליצען עס זאָל דונערען, שיסען, פליהען, טראַסקען — פוּף־פּאַף־פּיף!... בהמה! די אלע קוימענס פון די גוזמאָגוזמאָות פאַבריקעס דאָרט, דאָס זענען מזבחות, וואו עס רויכערט זיך לכבוד מיר ולכבוד דעם גאָלדענעם קאַלב — דעם גאָט פון ספּעקולאַציעס, שווינדעל, פּראָיעקטען און געלד. דער דאָזיגער רויך טריקענט אויס די הערצער, רויכערט אויס פון דאָרט די געפיהלען און פערוואַנדעלט אַלסדינג אין סחורה. ליבע, פריינדשאַפט, פרומקייט, גלויבען, צדקה און דעסגלייכען — אויך סחורה. און וואָס נאָך? ער דער דאָזיגער רויך, רויכערט ביסליכווייז פון דאָרט אוים אויך י ע נ ע ם, וואָס איך טאָר זיין נאָמען נישט דערמאָהנען, עס ווערט איהם דאָרט אַליין איינגער. איינגער, עס בלייבט איהם אַלץ וויינציגער אָרט, ער ריקט זיך מחילה, אַלץ ווייטער, ווייטער, און מיט דער צייט, ס'איז דאָ א האָפנונג, וועט די ערד אינגאַנצען בלייבען מיינע...

„א־אַ, נישט דערהאָרען וועסט דו עס רשע איינער!" — טראַכט איך מיר אין האַרצען, פערקרימענדיג זיך מיט א יראת־שמים פּנים'ל.

— הע־הע! — מאַכט דער אשמדאַי, פערדרייסענדיג דעם קאָפּ און סמאָרעט מיט דער נאָז — וואָס דאָרט טהוט זיך, רודערט זיך אביסיל, הע־הע!

און באַלד טאַקי דערהער איך הינטער מיר עפּיס א רעש, א גערידער, א פאָכען ווי מיט ווייהערס, פליגעל פון א ווינטמיהל און משונה'דיגע קולות פון איבערגעשראָקענע אויף א קוויטש.

— מכשפה'טעס עטליכע האָבען בעקומען די ספּאַזמע, חלשה'ן דאָרט — זאָגט דער אשמדאַי מיט א שטעכענדיג געלעכטעריל — אַי, א צייט א צייט, נאָר ניט די מכשפהטעס וואָס א־מאָל! א מכשפהטע א מאָל אַז זי האָט זיך גענומען פאָהרען רייטענדיג איז זי געפאָהרען, געאַרבייט אויף אלע כלים, נישט מיד צו ווערען אויף א האָר, יענער אַפילו זאָל די כפּרה ווערען. היינטיגע מכשפהטעס אָבער, מישטעהגסגעזאָגט, נאָר עפּיס ווייס איך וואָס אזוינס — איז ביי זיי נערווען, ספּאַזמעס. האָבען ליעב קאַוואַלירען זאָלען זיי מינטערען... אַי, א צייט!

וואָס פאַר אַ מענשען אַזוינע מכשפהטעס, אַזוינע לֵצים, אַזוינע רוחות. הייא, ראַהיראַט!

אַ רוח, געקנייטשט געבוינען פאַר אַלטקייט, דאַר ווי אַ שפּענדיל אַ לייב פון אַ מיתה־משונה קאָליר מיט אַ היבשען האָרב און אַ דינע לאַנגע, פערדרעהטע נאַז ווי ביי איין עלפאַנט, קומט געשווינד צופליהען צום אַשמדאי, שטעלט זיך איהם אַקעגען, פערוואַרפענדיג דעם לאַנגען אויסגעקראַכענעם ווידעל צווישען זיינע היהנערשע פיס און אַנבויגענדיג דעם שמאָלען שטערען, אויף וועלכען עס סטאַרצען צוויי שטייפע צעפליך האָר ווי די הערנער ביי די ביידע ווינקלען.

(פאָרטזעצונג קומט)

---

## צו די בילדער *).

### I.

### פראפעסאר צבי הירש גרעטץ.

הכל תלוי במזל, אַלעס האָט זיך זיין מזל, אפילו לענדער און שטעדט־ליך. אין אַ קליין שטעדטיל זשערקא (פּאָזען) איז געבוירען דער יודישער געלעהרטער ה׳ י. פירסט און דאָרט איז אויך געבוירען געוואָרען אין ראש־חדש כסלו תקע״ז (1816) צבי הירש בן הדין ר׳ יעקב גרעטץ.

ווען ער איז אַלט געוואָרען פינף יאָהר, האָט מען איהם אַוועק־געגעבען צו אַ רבי׳ן לערנען. דערנאָך האָט ער באַלד אָנגעהויבען לערנען אין דער דאָרטיגער שטעדטישער קינדער שולע, און ווייל ער האָט געהאַט גוטע פעהיגקייטען איז איהם יעדען טאָג געבליבען עט־ליכע שעה צייט צו לערנען מיט זיין רבי׳ן לשון קודש און גמ״א.

דער יונגער צבי הירש האָט ליעב געהאַט אַ סך לעזען און אַי־בערהויפּט האָט אויף איהם אַ גרויסע ווירקונג געמאַכט דאָס ווערק „ניינצעהן בריעף“ פון הרב שמשון רפאל הירש פון פראַנקפורט, וועלכער איז רב געוועזען אין דער שטאָדט אָלדענבורג. דער יונגער גרעטץ האָט געפונען זיין אַדרעס און זיך אָנגעהויבען מיט דעם רב איבערצושרייבען, אַ דאַנק די בריעפליכע בעקאַנטשאַפט האָט ער אָנ־געהויבען לערנען אין דער אָלדענבורגער גימנאַזיע אונטער דער השגחה פון הרב שמשון רפאל הירש. פון דאָרט איז ער געגאַנגען קיין ברעס־לוי, וואו ער האָט בעזוכט די אוניווערזיטעט.

פאַר זיין ווערק „גנאָסטיציזמוס און יודענטהום“ האָט דער יונגער גרעטץ בעקומען דעם טיטעל דאָקטאָר.

אין דער צייט האָט ער אָנגעהויבען מאַטעריאַל צו קלויבען צו זיין בעריהמטען ווערק „געשיכטע דער יודען“, און כדי ער זאָל האָ־בען פון וואַנען זיך מפרנס צו זיין, איז ער געוואָרען רעדאַקטאָר פון אַ דייטשער צייטונג, אָבער באַלד האָט די צייטונג אויפגעהערט צו ערשיינען, און ד״ר גרעטץ איז געקומען קיין לאַנדענסבורג, וואו די דאָרטיגע שטאָדט בעלי בתים האָבען איהם פאָרגעלעגט, ער זאָל עפענען אַ שולע. ער איז געוועזען משגיח אין דער שולע ביז צום יאָהר 1853.

אין דעם יאָהר איז ער איבערגעפאָהרען צוריק קיין ברעסלוי, וואו ער איז געוואָרען לעהרער אין דער ראַבינער שולע וועלכע איז אין דעם יאָהר געגרינדעט געוואָרען.

1859 איז ער געוואָרען רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „מאָ־נאַטשריפט פיר די געשיכטע און וויסענשאַפט דעם יודענטהומס“ וואָס ר׳ זכריה פראַנקעל האָט מיט איין יאָהר פריהער אָנגעהויבען אַרויסגעבען.

אין 1872 איז ד״ר גרעטץ געוואָרען פראָפעסאָר אין ברעסלויער אוניווערזיטעט.

אין 1873 איז ער געפאָהרען קיין ארץ ישראל זיך דאָרט זעלבסט בעקענען מיט די ערטער, וואו דאָס יודישע פאָלק האָט גע־לעבט אַמאָל און ערשט דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען שרייבען די „גע־שיכטע דער יודען“.

אין כ״ה חשון תרמ״ח האָט מען געפייערט זיין 70 יאָהריגען געבורטסטאַג און דאַן האָט ער אַרויסגעגעבען „די פאָלקסטהימליכע גע־שיכטע דער יודען“.

אויסער „די יודישע געשיכטע“ מיט וועלכער ער האָט זיך גע־מאַכט אַ גרויסען נאָמען אויף אייביג, האָט ער געשריבען פיעל אַנדערע וויכטיגע ווערק און אַרטיקלען וועגען יודישער געשיכטע אין פערשיע־דענע לענדער.

זיינע ווערק זענען איבערזעצט אין פערשיעדענע שפראַכען, „די יודישע פאָלקס געשיכטע“ איז אויך איבערזעטצט אין זשאַרגאָן, מיט איהר זענען די לעזער פון „יור“ בעקאַנט.

### II.

### אַ זומער־אבענד אין די יודישע גאַסען.

זומער, עס איז הייס, אַ גאַנצען לאַנגען טאָג ברענט די זון. אין דער ענגער יודישער גאַס איז ניטאָ קיין שאָטען פון אַ נרין בוימיל, ניטאָ אין ערגיץ אַ גרין אַ בלעטיל. עס איז חאָטש דערשטיקט צו ווערען. נאָר אָט האט זיך געזעצט די זון. די דערשטיקטע לופט ווערט אַביסיל קיהלער, און דער עולם יונג און אלט, קראַנקע און געזונדטע, אפילו קינדער פון די וויגען שיטען זיך אַרויס אין די ענגע יידישע גאַסען שעפּען לופט...

אין איין זייט זיצט אַ ויידע אויף זיין שטוהל, אין דער צווייטער זייט אַ באָבע און האָבען נחת צו קוקען ווי די קליינע קינדערליך שפּיעלען זיך אַרום זיי. מיטעלע מענשען און יונגע לייט רעדען צווישען זיך. אַ יונג פריילין אינטערעסירט קיין זאַך ניט, וואָס קומט פאָר אין גאַס, און זיצענדיג אויף דער באַנק איז זי פערטיעפט אין זעהר אַ אינטערעסאַנטעם ביכיל.

וואָס עס געהערט צו די יודישע טיפען, זענען זיי אַלע גרויס־אַרטיג געראָטען דעם בעריהמטען קינסטלער פון דעם בילד, ה׳ ל. קנאוס.—

---

## נ ד ב ה.

פיר די קאָלאָניסטען אין א״י: צוזאַמענגעקליעבען דורך ה׳ י. ג א ל ג ו ט אויף דער ערשטער ציוניסטישער פאָרלעזונג אין לוקניקי — 1,10 ר׳.

---

*) די בילדער זענען צושיקט געוואָרען מיט דער נומער 48—49, די ערקלערונג צו זיי איז צופעליג ניט געדרוקט געוואָרען אין דער פאָריגער נומער.

Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Red. M. Berkowicz — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאָן.

ה' יעב"ץ פ—וו: אויף אייער פראגע וועגען דעם מאנוסקריפט ענטפערן מיר „ניין!" —

ה' ב. א—ם סמעלא: 1) זיין אדרעסע איז: נאלעווקי נו' 35. 2) דער פרייז פון דער „קבוצה" איז 7 ר"ב נעטטאָ, אוימער פּאָרטא.

אבאָנענט נו' 3879: אלע 4 בענדער זענען נאָך נישט פערטיג; 2 קאָנען מיר אייך שוין ארויסשיקען.

אבאנענטען נו' 4617 — קראסס: די אנגעפראגטע אדרעסע איז:

Berlin, Linienstr., 110

ה' חיים א—סקי דאאוגי: צוזאמען מיט די פריהערדיגע 2 ר' איז 5 ר' אויפ'ן „יוד" און 25 ק' אויף רעכנונג פון דעקיל; אויף דעם רעשט מאכען מיר א נאכנאהמע. קיין בעזונדערע אויפשריפטען קאָנען מיר נישט מאכען.

---